


# שטערן

4

ליטעראַריש־קינסטלערישער
און פּאָליטיש־וויסנשאַפֿטלעכער
כוידעש־זשורנאַל. מינסק —
1933 יאָר

## אינהאַלט:

# מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד
## נאצסעקטער
## סעקטער פאר ביכער־האנדל
מינסק, פרײַהײט־פלאצ, 5.

## זײַנען דערשינען און דערשײַנען פארן II קווארטל

### קינסטלערישע

מ. קולבאק — דיסנער טשײַלד האראָלד (פּאָעמע־אויסגאבע), פרײַז 3 רובל.
קאצאָוויטש — זשוקעס אין קאָלווירט (איינאקטער), פרײַז 50 ק.
דאָלגאָפּאָלסקי — קאָלווירטישער טריוואקס (איינאקטער), פרײַז 50 ק.
קאָבעצ — הוטע (פּיעסע), פרײַז 1 ר. 50 ק.
פּאנפּיאָראָוו — ברוסקי, II טײל (געבונדן), פרײַז 3 רובל.
טײפּ מ. — לידער און פּאָעמעס.

### קינדער־ליטעראטור

זאבארע — כעוורע, פרײַז 40 ק.
סווירעפּי — קונציקע מײַסטערס, פרײַז 15 ק.
באבראָוו — דאָס לעבן פון א לופטפליער, פרײַז 1 ר. 25 ק.
יאמפּאָלסקי — לאָמיר זינגען לידער (מיט נאָטן).
מאלטינסקי — קינדער (דערציילונגען).

### סעריע „ליטעראטור פאר דער שול“

טשאָרני — הײמלאנד, פרײַז 70 ק. נײקראנצ — רור אין פלאמען.
כאריק — קײַלעכדיקע וואָכן, פרײַז 1 ר. בערגעלסאָן — זאמלונג.

### ליטקריטיק

כ. דונעצ — וועגן שרײַבער און ווערק.
מ. עריק — עטיודן צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער האסקאָלע־ליטעראטור.

### סטאבילע לערנביכער

1. שאפּאָשניקאָוו און וואלצאָוו — זאמלונג אלגעבראישע אופגאבעס און געניטונגען פאר 6—7 ל. י. טיראזש 15.000 עקז.
2. קיסעליעוו — אלגעבערע, I טײל „ 6—7 ל. י. „ 15.000 „
3. פּאלײעוו און פּערישקין — פיזיק I טײל פאר 5 ל. י. ט. 12.000 „
4. „ „ „ — פיזיק, II טײל „ 6 ל. י. „ 10.000 „
5. „ „ „ — פיזיק, III טײל „ 7 ל. י. „ 8.000 „
6. פּראָפ. ווערכאָווסקי — כעמיע, I טײל „ 6 ל. י. „ 10.000 „
7. פּאָפּאָוו — אריפמעטיק „ 6 ל. י. „ 12.000 „
8. בערעזאנסקאיא — זאמלונג אריפמעטישע אופגאבעס „ 5 ל. י. „ 12.000 „
9. פּרזשעוואלסקי — פינפציפערדיקע לאָגאָריפמען־טאבעלע (III קאָנצענטער) „ 3.000 „
10. פּאלײעוו און פּערישקין — זאמלונג אופגאבעס אפּ פיזיק פאר V—VII לערניאָרן „ 15.000 „
11. האדאשעוויטש — געוקענטעניש פאר 3 ל. י. „ 8.000 „
12. „ — „ 4 ל. י. „ 8.000 „
13. ראווין, שאצ — לײענביכל „ 4 ל. י. „ 15.000 „
14. באראנ, באָראָמ „ „ 2 ל. י. „ 10.000 „
15. פּראָפ. ווערכאָווסקי — כעמיע „ 7 ל. י. „ 8.000 „

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש־קינסטלעריש̇ער און פאָליטיש־וויסנשאפטלעכער כוידעש־זשורנאל.

№ 4 — ניינטער יאָרגאנג — אפרעל 1933



ש. ראָסינ

## איבערופ

(פונ א פאָעמע)

מײַנע הענט
צו שווערע מי געוווינטע,
מײַנע הארטע מאליארישע הענט
ביז הײַנט נאָכ זיי פילנ
אינ שטילנ געדענקענ
די דילנ, די דעכער, די ווענט.

פינגער קורצע, פלאטשיקע
פונ הארבער ארבעט
צו פענדזל און צו שפאקליע
יאָרנ—לאנג געפרווומ!
נאָכ ביז הײַנט
מיר כאָלעמענ זיכ
עמערלעכ מיט פארבנ
וואָס ציִענ אינ דער הויכ זיכ
אפנ דאכ ארופ.

* * *

כ'האָב געפארבט אמאָל
דילנ און דעכער,
אײַזנבאנ־בריקנ
און סטעליע און פלויט,
געפוצט אמאָל זשאווער
פונ אײַזנס, פונ בלעכנ —
פונ דעכער געריסנ זיכ

העכער און העכער
און צאָרן געזאמלט
און קויכעס געגרייט.

איך האָב אים דעם האַס,
אָט דעם הארבן און נאָענטן
געזאמלט אין הויפנס,
פארהיט און געבראכט...
צעשליידערט דערנאָך אים
אף בלוטיקע פראָנטן,
צעצונדן אין סרייפעס
אף שייטערס פון שלאכט.

* * *

ס'איז עפשער ניט איצטער
די צייט צו דערמאָנען
קינדערשע יאָרן,
יאָרן פון צאָרן
פון פרייקן לאסט,
נאָר פון דאָרטן דער אָנהויב
די דרייסטע אקשאָנעס,
פון דאָרטן מיין אופברויז,
די גוורע, דער האַס.

פרי מיט באגינען,
ערשט פארשמעקט האָט מיט פרילינג,
גרעזל און שפּראָצלינג.
צום לעבן דערוואכט;
פויזען אין בראנד
איבער פריצישע דילן,
שאָבן דעם זשאווער
פון פריצישן דאך.

קינדער פון מאמעשן זאָרגפולן פארטעך,
קינדער פון וווילשטאנד
מיט ליידיקע הענט,—
איר ווייסט דען, וואָס הייסט
פארשפארט זיין
מיט גלייכער יוגנט
אין ראמען פון פענצטער,
אין קאסטנס פון ווענט...

זיך וואַרפן פון אַנגסטן,
זיך צאַפּלען
מיט קינדערשן האַרץ
באַם מאַליאַרישן באַק;
מיט אויגן פאַרשפּריצטע
אין קאַלך און אין וואַפּנע,
מיט אָנצוג וואָס ברעכט זיך
פון פאַרב און פון לאַק.

מע קאָן דען פאַרגעסן
עס האָט פאַרקריצט זיך —
ווי איך בין געהאַנגען
אַפּ געפלאָכטענעם שטריק,
דער פאַרביקער פּענדזל
פון האַנט האָט געגליטשט זיך
פון אויבן אַראָפּ
כ'האָב געוואָרפן אַ בליק.

פאַרפּוצטע אין ווייסן,
צעפרידענע זויבערע,
איר האָט ניט באַמערקט דאַן
מיין סינע, מיין האַס.
ווי האָט זיך מיר דענסטמאָל
געקאָנט גאָר גלויבן,
אַז מע וועט אייך איינגיכן —
„ליקווידירן אַלס קלאַס"?

ווער האָט זיך דענסטמאָל
געקאָנט גאָר ריכטן
אַז איך—דער פאַרפאַרבטער
פאַרקאַלכטער מאַליאַר
זאָל נעמען דעם פּענדזל
און ווערן אַ דיכטער,
און ווערן אַ זינגער
באַם פּראָלעטאַריאַט.

דערמאָן איך זיך איצטער
די טעג און די יאָרן,
דערמאָן איך צוזאַמען
מיט טויזנטער נאָך

זיי האָבן פארהיט זיך
ביז איצט אין זיקאָרן
שטורעמט דאָס בלוט נאָך
ביז היינט און עס קאָכט.

זיי שטעלן זיך אויס יענע טעג —
אפ די דעכער
די זומערס די פרילינגס
אפ דיל און אפ וואנט,
אוי ניט אומזיסט,
איך מיין בליק ניט אזוי שטעכיק,
ניט אומזיסט ווי א שווערד איז
פארהויבן מיין האנט.

מיין האנט, אונדזער האנט
אָט פון די מיליאָנען
צעטראָטענע יוגנטס
אין מיסט און אין שטויב,
איך הער נאָך ביז היינט —
זיי שרייען, זיי מאָנען —
די קינדהייט, די יוגנט
וואָס איר האָט בארויבט...

---

לאנגע טעג ווי שווערע ציגל
אָן אופהער שלייף און אָן א מאָס;
דיל זאָל גלאנצן ווי א שפיגל,
דיל זאָל גלאט זיין ווי א גלאָז.

שלייף די פענצטער, שלייף די טירן;
סטעליע שלייף און שלייף די ווענט:
פוץ אויס דירעס פאר די גווירים,
בלוט זאָל רינען פון די הענט.

עס זאָל גוט זיין דאָ צו שפילן,
זויבער ליכטיק און געראם.
יוגנט ליכטיקע אפ דילן
ווי שיף אָן רודערער אינמיטן יאם.

---

כ׳בין דאן געווען נאָך גאָר א יינגל
און אלץ גענוי געדענק איך ניט,
כ׳געדענק—כ׳האָב געקענט גוט זינגען
כ׳האָב געהאט א גוטן אפּעטיט.

איך פלעג זינגען הייס אזוי די „ווארשעוויאנקע״
און ס׳האָט מיר דאן געדאכט:
די זון פון הימל כ׳קאָן מיט האנט דערלאנגען
און גרייט געווען צו גיין בין איך
אין הארבסטן שלאכט.

כ׳בין געווען באם באלעבאָס „אפּ אלעם גרייטן״ —
בין איך געווען אי הונגעריק, אי הייל,
— די באלעבאָסטע פלעגט אופמערקזאם באגלייטן
יעדער ביסן מיר אין מויל.

איך האָב דעמאָלט נאָך קיין לידער ניט געשריבן
און בין געווען א פּאַשעטער, א ווילער יאט,
דער אפּעטיט איז מיר פון דעמאָלט אָן פארבליבן
דערפאר בין איך ביז איצטער נאָך ניט זאט.

א. אבטשוק

# הערשל שאמײַ.

## II־טער טײל.

## איך באקום צוריק דעם בילעט.

איצטער, אז איך האָב אראָפּגעפּאטערט דאָס פּעקל, דער עמעס איז ארופּגעשווּמען ווי בוימל אפן וואסער, און אפן הארצן איז אביסל גרינגער געוואָרן, קען איך דערציילן אלץ, וואָס ס'איז געווען, איך האָב ניט נאָך וואָס די מינדסטע זאך צו פארלײקענען.

פרײַמאן האָט קײן צײַט ניט געהאט. ס'איז נאָך קײן וואָך ניט איבערגעגאן, זינט מע האָט מיך אפ דער אלגעמײנער פארזאמלונג אויסגעשלאָסן פון פּארטיע, איז ער צו מיר צוגעגאן, האָט מיך א שטאָך געטאָן מיט די צוויי קורצוויכטיקע אויגן און געזאָגט מיט א געלעכטערל (איך האָב ניט פארשטאנען, צי שפּאָט ער, צי מײנט ער אפ עמעס) „נו, שאַמײַ — האָט ער געזאָגט. — גיב אהער דעם פּארטײנע בילעט, ביז וואָס ווען, טראָג זיך מיט אים ניט ארום".

ס'האָט מיך א שניט געטאָן באם הארצן. „ס'איז, זאָג איך, ערשטנס, א קאנדידאטסקע בילעט, און, צווייטנס, זאָג איך, וואָס האָסטו מוירע, אז איך טראָג אים?"

אָבער ער איז אן אקשן. שטײט ער און וואַרט. און אז ער וויל דאפקע, איז נא, מיטן גרעסטן קאָוועד. אז דו האָסט האנאָע צוצונעמען בא אן ארבעטער דעם קאנדידאטסקע בילעט, אז דו האָסט ווילטאָג דערפון, פארגין איך עס דיר פונעם גאנצן הארצן.

ס'זײַנען דאָ אזוינע, וואָס האָבן פארגעניגן וועגן דעם צו רײדן. וועגן שאַמײַען האָט מען שטענדיק ליב צו רײדן און איצט אוודע און אוודע.

מ'גײט צו מיר אומיסטן בא דער ארבעט צו און מ'פרעגט מיך: „שאַמײַ, וואָס וועט זײַן הײַנט אפ דער פּארטײ־פארזאמלונג". זאָג איך זײ, (מיך אינטערעסירט עס נאָך גאנץ גוט), איז זײ ווײניק, ווילן זײ וויסן, צי וועל איך נעמען א וואָרט (זײ וויסן אוודע ניט, אז איך גײ שוין אפ די פארזאמלונגען ניט). עס ווילט זיך מיר זײ אָפּזידלען, זײ זאָלן שוין א צענטן פארזאָגן, וויאזוי זיך צו טשעפּען צו א מענטשן, וואָס שטײט זיך איצטער שטיל בא זײַן ארבעט און וויל נאָר אײן זאך: מ'זאָל אים לאָזן צורו. ס'איז דאָ א ק.ק. וועט זי זאָגן, וואָס זי האָט צו זאָגן, צי האָט מען שאַמײַען טאקע געדארפט נעמען און אים אָנטאָן א בושע, אָנעמען פארן קארק און אים זאָגן: „פּאָשאָל וואָן!"

---

איצט קום איך אָפּט פריִער אהײם. ס'גיט א וואָיִע דער הודאָק, איז מײַן פוס מער אפ דער פאבריק ניטאָ. צו טאָג האָב איך ווײניק. די נאגרוזקעס האָב איך אָפּגעלאָזט. פרײַמאן

האָט מיר אפילע ניט פירגעהאלטנ. ס'זיַינעג דאָ קאנדידאטנ אפ מיַינ אָרט. מיילע, נישט איז נישט.

אינדערהיים האָב איכ נאָכ דער ארבעט ניט וואָס צו טאָנ. איכ קום אהיים, איז נאָכ גאנצ ליכטיק, א האלבער טאָג, עס איכ אָפּ וואָרמעס אונ לייג זיכ צו. אונ אמאָל גיי איכ נאָכ אינ קינאָ. איכ האָב אומיסטנ גענומענ א כוידעש־אבאָנעמענט. איכ פארנעם מיַינ נעכענ אונ מיר גייענ ביידע. אונ אז מיר גייענ זיכ אזוי אינ קינאָ אינצווייענ, שוויַיג איכ. אלערליי געדאנקענ קריכנ מיר אינ קאָפּ אריַינ. זאָגט מיר נעכע פּלוצים, אז ערשט איצט וויסט זי פונ א לעבנ צו זאָגנ. וואָרעמ אמאָל, זאָגט זי, פאר ניקאָליַיענ, איז קיינ קינאָ ניט געקראָכנ אינ קאָפּ אריַינ, ס'האָט קוים געסטיַיעט וואסער אפ קאשע, אונ נאָכדעמ בא סאָוועטסקע וולאסט, אז ס'איז גרינגער געוואָרנ, האָט מענ דיכ, הערשל, קיינמאָל אינ שטוב ניט אָנגעקוקט. שוויַיג איכ: וואָס זאָל איכ איר ענטפערנ. זי איז זייער שוואכ אפ פאָליט אונ ניט אלצ פארשטייט זי. וואָרעמ, ווי זאָגט מענ עס, ווענ א הונט טוט א לעק מיַינ הארצ אָט איצטער מיטנ פריַ זיַינ, מיטנ קינא, וואָלט ער געוויס מעשוגע געוואָרנ.

---

היַינט אינדערפרי האָט מענ מיכ ארויסגערופנ אינ קאקא. מע האָט פונדאָרטנ אָנגעקלונגענ אינ יאטשייקע. מיכ האָט מענ אינ יאטשייקע ניט געשיקט רופנ, פריַימאנ האָט מיר אויכ גאָרניט געזאָגט. מ'רופט אימ, וויַיזט זיכ ארויס, אויכ. אונדזער פארטזאסעדאטעל, כאַימקע מיידאנסקע. איז צו מיר נאָכ דער ארבעט צוגעגאנ אונ האָט עס מיר איבערגעגעבנ. אונ געזאָגט האָט ער מיר, אז ער וועט אויכ דאָרטנ זיַינ. ווי א פארטזאסעדאטעל, נעמט ער אויכ אנ אָנטייל אינ אזוינע זאכנ, אונ איכ זאָל זיכ גאָרניט שרעקנ אונ זיכ ניט ריזענ אונ ניט זיַינ בא זיכ געפאלנ, נאָר אויסדערציילנ אלצ, וואָס ס'איז בא מיר אפנ הארצנ.

---

דער וואָרמעס איז שוינ מיר ניט געקראָכנ אינ האלדז אריַינ. נעכע האָט מיכ ניט געלאָזנ לעבנ: עס אונ עס! אונ בא מיר איז דאָס מויל צוגעשלאָסנ, מיינט זי—טאָמער בינ איכ קראנק—זאָל איכ איר זאָגנ, וואָס אונ ווענ. נאָר גיי דערצייל איר—זי וועט עס גאָרניט פארשטיינ.

---

אינ קאקא איז געווענ דאפקע אנ אָטשערעד—אומעטום איז היַינט אָטשערעדנ, אפילע דאָ. נאָר מיכ האָט מענ ארויסגערופנ דעמ דריטנ. אז איכ בינ אריַינ, איז שוינ דאָרטנ געזעסנ פריַימאנ. באמ טיש איז דאָ געווענ יענער פונ קאקא, וואָס איז בא אונדז שוינ אמאָל געווענ אפ א פארטפארזאמלונג, ווענ מע האָט זיכ געשלאָגנ מיט די טראָצקיסטנ, דער מיט דער באָרד, וואָס איז דענסטמאָל געזעסנ באדערזיַיט, זיכ צוגעהערט אונ אלצ פארשריבנ בא זיכ אינ ביכעלע. זייער א סעריאָזנע מענטש. כאַימקע מיידאנסקי לעמ אימ, זיַינ רעכטע האנט. פריַימאנענ האָט מענ שוינ, וויַיזט אויס, געהאט אויסגעהערט: ער ג' געזעסנ. נאָר אז איכ האָב זיכ אנידערגעזעצט באמ טיש, האָט אימ דער מיט דער באָרד, געהייסנ ארויסגיינ. דאָ אינ קאקא איז פריַימאנ א קנאפער מעיוכעס, א ברייטע האָט ער געהאט, איז ער ארויסגעגאנ, כאָטש ס'האָט זיכ אימ, וויַיזט אויס, ניט שטארק געגלוסט, כ'האָב אינ אימ דערקענט, אז ער וויל הערנ, וואָס איכ וועל זאָגנ.

— וואָס וועט איר זאָגן, כ׳ שאמײַ, גוטס—מאכט צו מיר דער מיט דער באָרד.

— גוטס איז אוואָדע, זאָג איך אים, דאָ ווייניק, בא מיר אוואדע אונ אוואדע.

פארויכערט ער א פאפיראָס, זיצט אונ שווײַגט. שווײַג איך אויך, איך ווארט ער זאָל נאָך פרעגן. נאָכדעם זאָגט ער: — נו, דערציילט, זאָגט ער, אלץ, וואָס איר האָט צו דערציילן.

— אלץ צו דערציילן דארף מען, זאָג איך, האָבן אסאך צײַט.

— נישקאָשע,—זאָגט ער,—הייבט דערווײַל אָן.

האָב איך אים אָנגעהויבן פונעם סאמע אָנהייב. פון ייִנגלווײַז האָב איך אים דא פקע קיין סאך ניט געברײַעט. איך ארבעט שוין, האָב איך אים געזאָגט, פינף אונ דרײַסיק יאָר, אלט אזויפיל אונ אזויפיל. פינפונצוואנציק יאָר געארבעט בא יענעם. מענטשן האָבן זיך אָנגעשלאָגן די בײַטלען מיט מײַן פראצע, א פאָר יאָר בין איך געווען א שטיקל קוסטאר, א איזוואָזטשיק, וואָס זאָל איך זיך שעמען, דאָ וועל איך דערציילן דעם עמעס. זיך פארנומען מיט פירן, וואָס ס׳האָט זיך געמאכט. ס׳איז אויך א פראָפעסיע. נו, וואָס נאָך? ס׳איז אלץ קלייניקײַטן. כ׳האָב דאָרטן א יאָר זעקס אָפגעארבעט אפן לעדער־זאוואָד, דאפקע אין די הונגער־יאָרן, אויסגעלערנט צען ארבעטער די מעלאָכע, באטאָג געארבעט מײַן נאָרמע, באנאכט געלערנט יענעם די מעלאָכע. אונ אלץ פארוואָס? ווײַל איך האָב געוואָלט, אז דער ארבעטער זאָל אויספייען: האָט ער זיך אונטערגענומען אונ האָט שוין אוועקגעגעבן אזויפיל געזונט אונ בלוט, טאָ זאָל עפעס דערפון ארויסקומען. אונ זאָל די קאקא פרעגן אלע ארבעטער אפן לעדער־זאוואָד—ס׳איז דאָ לעבעדיקע איידעס—ס׳זײַנען דאָרט קימאט אלע קריסטן,—צי איז שאמײַ א שאָוויניסט. מאלע וואָס ס׳כאפט זיך אמאָל ארויס א וואָרט, פארקערט, זאָל מען זיך דאָרט אָנפרעגן אונ זיך דערוויסן דעם עמעס. אונ צי איז שאמײַ ניט דער ערשטער, ווען בא א כאווער טרעפט זיך עפעס אן אומגליק, אלציינס—צי א ייִד צי א קריסט.

דאָ שטעלט ער מיך אָפ. ער זאָגט דאפקע גאָרנישט. ער טוט מער ניט א מרוקע ארויס א „נו״—אונ אים העלפט אונטער כאַימקע מיידאנסקי.

— וועגן זיך זאָג עפעס. וועגן דעם, פארוואָס האָט מען דיך אויסגעשלאָסן פון פארטיי?

דאָ טוט מיר שוין א ברי, ווי איך זאָל מיט באָרוועסע פיס ארופטרעטן אפ פריסעק.

— מײַנע זינד—זאָג איך,—זײַנען פאר אלעמען אין די אויגן. אונ אז מע מאכט אמאָל א טאָעס, אונ אז מ׳האָט א פעלער, איז מען אפן גאנצן לעבן, זאָג איך, פארמישפעט? דאָס איז, זאָג איך, אין דער אלטער וועלט אזוי אמאָל געווען. אָבער אזוי ווי מיר האָבן שוין מיט איך געמאכט א סאָף אונ זײַנען קאָמוניסטן אונ ארבעטער, קענען מיר מויכל זײַן, ביפראט נאָך אן ארבעטער, וואָס איז דער באלעבאָס אין לאנד אונ בויט דעם סאָציאליזם.

דאָ לאָזט מיר כאַימקע שוין לאנג ניט ריידן, וואָרעם ס׳קאָן זײַן, אז איך האָב גערעדט נארישקײַטן, אונ ער שלאָגט מיך איבער:

— אָבער זאָג קלאָר, דו אָנערקענסט דײַן פעלער?

— וואָס דען, זאָג איך, ס׳א שײַלע אביסל. כ׳האָב זיי שוין אויסגעקרענקט די פעלערן מײַנע, קארג בלוט האָבן זיי שוין מיר אָפגעקאָסט.

איך האָב עפעס נאָך קלייניקײַטן דערציילט, זיך אראָפגערעדט פונעם הארצן, אונ דער מיט דער באָרד, האָט אלץ געהערט אונ זיך אלעמאָל אינדערשטיל אונ אמאָל אפן ווינק

איבערגערעדט מיט כאַימקע מײדאנסקי, אונ פונקט װענ איכ האָב געהאַלטנ אינ סאמע מיטנ װעגנ פרײַמאנענ אונ די פּאַראָנדקעס בא אונדז אפ דער פאבריק, האָט ער א זאָג געטאָנ: „נו, סטארינא, גײ אהײמ, ס'װעט זײַנ רעכט".

— פארקערט, האָב איכ געזאָגט, טאָמער האָב איכ גערעדט נארישקײַט, אנ איבעריק װאָרט, טאָ לערנט מיכ. װאָסי, איכ בינ עפּעס אנ אינטעליגענט? מע האָט מיכ קײנמאָל גיט געלערנט; אונ לײענענ א גאזעט אונ שרײַבנ א זאמעטקע האָב איכ זיכ אױכ אלײנ אױסגעלערנט.

דער מיט דער באָרד האָט אלצ געשװיגנ, געדרײכערט א פּאפּיראָס, מיכ ארױסבאלײט צו דער טיר אונ שױנ בא דער טיר מיכ א פרעג געטאָנ: „אונ דו לײענסט א צײַטונג"?

— װאָס זשע, זאָג איכ, איכ בינ עפּעס א בעהײמע, א גאזעט לײענ איכ יעדנ טאָג, א ייִדישע. די רוסישע פארשטײ איכ שװאכ.

— אסאכ, פרעגט ער, לײענט מענ אפ אײַער פאבריק ייִדישע צײַטונגענ?

— מ'װאָלט, זאָג איכ, געלײענט אסאכ, נאָר אונדזער פאבקאָמ אונ אונדזערע פארטײ־צעס שעמענ זיכ דערמיט. פרײַמאנ דער ערשטער —

— הערסט, דרײט ער זיכ אױס צו מײדאנסקענ,—אָט אזױ פירט מענ בא דיר אפ דער פאבריק די נאצמינד־ארבעט.

אונ אז איכ בינ שױנ בא דער סאמע טיר, הער איכ, װי ער רעדט שטילער צו מײ־דאנסקענ, װי ער זאָל אימ זאָגנ א סאָד:

— א היפּשנ כײלעק אינ שאמײַס געשיכטעס האָט איר אלײנ, טײַערע כאװײרימ, מיט אזא כאװער דארפ מענ אנדערש ארבעטנ.

איכ װײס נישט, צי מײנט ער מיר דערמיט גוטס, צי נײנ, איכ שטײ בא דער טיר אונ פלאָנטע, קענ נישט עפענענ דעמ שלאָס. דאָ כאפּט ער זיכ אונטער, עפנט מיר אופ די טיר אונ אזױװי אינ קאָרידאָר איז גאנצ טונקל, צינדט ער אָנ א שװעבעלע, לײַכט מיר צו דעמ װעג אונ זאָגט נאָכאמאָל: „גײט, כאװער, אהײמ. עס װעט זײַנ רעכט".

---

כאַימקע מײדאנסקי האָט מיר הײַנט אינדערפרי אָפּגעבראכט דעמ קאנדידאטסקע בילעט. ער איז אינמיטנ דער ארבעט, אינ פארטעכ (ער ארבעט באמ בײגנ) ארײַנ צו אונדז, איז צו צו מיר אונ מיר אָפּגעגעבנ דעמ בילעט. „נא, האָט ער געזאָגט, הערשל, ביסט פונקט ארונטערגעפאלנ אונטער דער סאמאָקריטיקע, האָט זי דיכ אומזיסט אונ אומנישט גע־טראָפנ".

פארנ גאנצנ צעכ מעטשיקעס אינ די אױגנ האָט ער עס געטאָנ, אונ פאר אלעמענ איז עס געװענ א כידעש, װאָרעמ בא זיכ בינ איכ שױנ געװענ אָפּגעפּאסקנט,—שױנ באגראָבנ שאמײַענ, אימ ארײַנגעלײגט אינ כײרעמ ארײַנ.

איכ האָב אימ אױכ גאָרניט געזאָגט, כ'האָב אימ עפּשער טאקע געדארפט עפּעס זאָגנ, אָפּדאנקענ, צי װאָס, האָט זיכ דאָס מױל נימ געעפנט, אונ דער צונג האָט זיכ, װי א שטיק האָלצ, ניט גערירט פונעמ אָרט.

---

איצטער האָב איכ ערשט צעקײַט, װיאזױ דער גאנצער איניענ איז פאָרגעקומענ. אזױװי ס'איז געגאנג א קאמפּאניע פאר סאמאָקריטיקע, אונ דאָ האָט זיכ אונטערגעכאפּט די קאָמ־

פאניע אקעגנ אנטיסעמעטיזמ, און אזויוי אנטיסעמיטיזמ גייט ניט אָנ שאָוויניזמ,—אינ „עמעס“ שטייט, אז דאָס זײַנענ צוויי לײַבלעכע ברידער—בינ איכ ארונטערגעפאלנ אונטער דער קאָמפאניע.

איצטער האָב אלע אײַנגעזענ, אז ס'איז בא מיר קיינ שאָוויניזמ ניטאָ, און אויב ס'איז עפּעס געווענ, איז עס שוינ לאנג אויסגעוועבט. א סימענ—מע האָט מיר אומגעקערט דעמ בילעט. כ'האָב באקומענ נאָר „נא וויד“—פרײַמאנ האָט אויכ זײַנס ארײַנגעכאפּט, ער זאָל זיכ נישט צוטשעפּענ אומזיסט און אומנישט. ער טראָגט זיכ דערמיט אומ און שווײַגט,—אָבער כאימקע מיידאנסקי האָט אלעמענ געמאָלדנ. ער האָט, זאָגט ער, אנ אָנזאָג פונ קאקא עס צו מעלדנ פאר אלעמענ אינ יאטשייקע און אפ דער פאבריק. נישקאָשע, זאָל פרײַמאנענ אויכ אמאָל א טיאָכקע טאָנ דאָס הארצ, ווי שאמײַענ.

---

די אָפּאָזיציאָנערנ הייבנ זיכ ביסלעכווײַז אָנ אומצוקערנ צוריק אפ דער פאבריק. יעדער קומט מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ, ווי איינער, וואָס האָט אָפּגעדינט דער אווידע־זאָרע און האָט אײַנגעזענ, אז עס איז געווענ א הילצערנ קאלב. די ערשטע איז געקומענ די לאנגע ערקעס, א דארער נעפּעש, א מיידל אָנ א פונפאָרנט און אָנ א א פונוגטנ. זי גייט אויס־געצויגנ דעמ קאָפּ, ווי א גאָנער, און זעט שטענדיק אויס, ווי זי מאכט גימנאסטיקע. זי האָט, דערציילט מענ, אָנגעשריבנ א בריוו צו יאראָסלאווסקינ אליינ. הייסט עס, מע האָט זי פארפירט, מאליאוטשיק האָט זי פארפירט און זי איז אימ נאָכגעגאנגענ. זי האָט געטאָנ, שרײַבט זי, א גרויס פארברעכנ פארנ ארבעטער־קלאס, און בעט מע זאָל איר לאָזנ צוריק אינעמ קאָמסאָמאָל פאריכטנ אירע פעלערנ. זי שטייט שוינ צוריק באמ ווארשטאט—דערווײַל א בעזפּארטיינע—און שוויצט. און איצטער איז ניט גלאט אזוי ארבעטנ, ווי פריִער. איצט ארבעטנ גוט דארפ מענ קענענ. וואָרעמ די מאָרמעס זײַנענ אנדערע און מ'פּארוועט זיכ.

זי גייט מיט מיר אהיימ פונ דער ארבעט. זי זאָגט, אז איצט זעט זי סארא פעלער זי האָט געטאָנ, אז דער קאָפּ האָט ניט געארבעט, און אז מע האָט זי פארפירט.

— אזא מויד, ווי דו, אז מע פארפירט, איז אוודע א גרויסע אוולע,—זאָג איכ צו איר,—ס'זאָל נאָכ, זאָג איכ, עפּעס דערפונ ניט ארויסקומענ.

זי הערט אָבער ניט, וואָס איכ זאָג צו איר און רעדט ווײַטער אירס.

— איצט דארפ מענ אָנהייבנ פונ א קליינער ארבעט, פונ דער קלענסטער נאגרוזקע, זאָגט זי, ביז איכ וועל ניט דערווײַזנ, אז איכ בינ ווערט דעמ נאָמענ ארבעטער און פארטייקע.

— אינ פארטיי, מאָל דיכ, איז דיר נאָכ ווײַט, זאָג איכ, און מיר ווילט זיכ איר צוליב עפּעס לייגנ שטיינער אפנ הארצנ, ווי דאָס זאָל זײַנ מאליאוטשיק אליינ—זי איז געווענ טאקע זײַנ רעכטע האנט—גענוג, אז דער קאָמסאָמאָל וועט דיכ צוריק ארײַנעמענ, וואָרעמ ניט מע האָט דיכ פארפירט, נאָר דו האָסט נאָכ געהאָלפנ פארפירנ אנדערע, אשטייגער, מיכ.

— נו, געפונענ א צײַט צו דערמאָנענ אלטע געשיכטעס, שאמײַ, זאָגט זי, און האָסטו ניט ווייסטו ניט, זוכט זי זיכ אָפּ א טערעצ און טראָגט זיכ אָפּ.

ס'איז אויכ צוריקגעקומענ איזראעליט — יענער איז גאָר דערשלאָגנ. און דערשלאָגנ איז ער, ווײַל ער זעט, אז ער האָט געפלוידערט. די ארבעטער קוקנ אפ אימ, ווי אפ א

פרעמדנ עלעמענט, אונ ער איז אנ ארבעטער מיט היפשע יאָרנ סטאזש אונ איז געוווּינט מע זאָל אימ האלטנ פאר אנ אייגענעמ. אפ אימ איז מיר אנ עמעסער ראכמאָנעס.

— איזראעליט, זאָג איכ צו אימ, פונדעסטוועגנ איז דער הימל ניט בא דער ערד—דו גייסט דאָכ ארומ ווי אנ אָוול —

— וואָס רעדסטו, זאָגט ער צו מיר שטיל—קיינער זאָל ניט הערנ,—הערשל, דו ווייסט דענ, וואָס איכ האָב געהאט אונ וואָס איכ האָב אָנגעווירנ—איכ האָב געהאט דעמ צוטרוי פונ מײַנע כאווײרימ, וואָס איכ האָב אינײנעמ מיט זיי געארבעט אונ געקעמפט, אונ האָב עס ווי א קאָרטנשפּילער אינ איינע דרײַ כאדאָשימ פארשפּילט.

ער זעט אויס, ווי א מענטש, וואָס איז אופגעשטאנענ נאָכ א שווערנ טיפוס אונ איז נאָכ ניט געקומענ צו די אייגענע געדאנקענ—אפילע אפנ פּאָנעמ זעט ער אזוי אויס—מאָגער געוואָרנ, אײַנגאנצנ א געשווירענער, די סקולעס סטארטשענ ארויס, אזוי ווי נאָר וואָס ארויס פונ דער פּאלאטע.

פונ מאליאווטשיקס קאמפּאַניע האָט זיכ אומגעקערט נאָר איינער—ארל סטאָלבונ. דאָס איז א פּולבלעכער יונגערמאנ מיט א קײַלעכדיקנ פּאָנעמ. ער רעדט איצט ווײניק, אימ האָט מענ, זאָגט ער, צוגעזאָגט צוריק אופצושטעלנ אינ פּארטיי אונ ער היט זיכ. מ'הערט אימ איצט ווײניק באַמ טיש, אונ דער אוילעמ כידעשט זיכ. עס איז דאָכ געווענ דער ערשטער שוטניק אינ צעכ. ווי אנ אנעקדאָט, איז ער ארויסגעגאנגענ פונ אימ. איצטער איז ער שטילער געוואָרנ. ווענ ניט ווענ קוקט ער זיכ אומ, צי ס'שטייט ניט עמעצער, פאר וועמענ ער האָט מוירע, אונ נעמט דערציילנ אנעקדאָטנ. איצט קומענ זיי פונ זײַנ מויל ארויס נאָכ נימעטער, ווי פריִער — זיי זײַנענ געווײנלעכ וועגנ די וואָזשדנ, וועגנ די נארקאָמענ אונ זייערע ווײַבער. דער אוילעמ כיקעט אונ מיכ שלאָגט עס צו דער גאל.

נאָר איינ מאליאווטשיק האָט זיכ צוריק צו דער ארבעט ניט אומגעקערט. ער איז שוינ אויכ אראָפּגעקומענ. כעוורע באגעגענענ אימ. ער זוכט זיכ א שטעלע אינ א טרעסט, צי אינ א סאָראבקאָאָפּ.

— אויב, זאָגט ער, מ'טוט ניט אזוי, ווי טראָצקי הייסט, האָב איכ, זאָגט ער, מער ניט קיינ כײלעק אינ דעמ געשעפט אונ פּריסטראָיע זיכ, ס'זאָל מיר זײַנ גוט.

— סטײַטש, מאליאווטשיק, טײַנעט מענ מיט אימ, דו ביסט דאָכ געווענ דער ערשטער אידיינע, ווי קומט צו דיר אזא מינ סאָרט רייד.

— גענוג, זאָגט ער, איכ גיי ארויס פונעמ שוטפעס, דעמ פּײַ צוריק וועט איר מיר סײַווי ניט אומקערנ.

וואָס ער האָט שוינ, מ'שטיינס געזאָגט, ארײַנגעלייגט אינ געשעפט —

ער האָט זיכ פארלאָזט א בערדל, א בלאָנד בערדל, זיכ היפש אויסגעפּאשעט. איכ האָב אימ אזש ניט דערקענט.

— מ'זעט גלײַכ,—האָב איכ געמאכט דעמ באָרעכאבע,—מאליאווטשיק, אז דו גייסט איבער אפ סאָראבקאָאָפּאָווסקע קעסט.

— וו ס זשע פארגינסטו מיר ניט, הערשל,—זאָגט ער—נאר, דו וועסט נאָכ שטיינ צו מיר אינ אָכשערעד נאָכ טאלאָנעס, וועסט האָבנ א סימענ.

---

מיר זײַנענ אזוי אומבאמערקט פאר זיכ אלײנ ארײַנגעטראָטנ אי דער ערשטער פּיאטילעטקע.

בא אונדז אפ דער פאבריק האָט זיכ עס באלד געלאָזט פילנ. אונדזער דירעקטער טשאנ האָט גלײַכ באקומענ אינ טרעסט אזא יאָר־פּלאנ, אז ער איז צעטומלט געוואָרנ. שטעלט זיכ פאָר, אז אפילע ער. ווארעמ פריִער, ווענ באלאַנ האָט געבאלעבאטעוועט, איז טשאנ געווענ פול מיט קריטיקע, אלצ געהאט טײַנעס, אז דאָס איז שלעכט, יענצ איז ווייניק, אונ ניט וואָס ער האָט געהאט טײַנעס,—ער האָט זיכ געקענט אופּזעצנ אונ אויב מע דארפ, ארונפאָרנ קיינ כארקאָוו, אונ אז ס'איז נויטיק—אינ מאָסקווע אויכ ניט אינ זאגראניצע אונ מיט א בילעט טרעפט מענ אהינ אויכ.

אינ א וואָכ ארומ זײַנענ געקומענ נאָכ נײַסנ: מע האָט גענומענ מאכנ א נײַעמ צעכ—א באלעטנ־צעכ, אויסצוארבעטנ באלעטקעס פונ די לעדער־אָפּפאלנ פונ דער גרויסער שוכ־פאבריק. פונ דער ערשטער שוכ־פאבריק זײַנענ צו אונדז אריבער צוויי צעכנ קאמאשנשטעפער. ס'איז געוואָרנ נאָכ ענגער, מע האָט זיכ גענומענ גרייטנ בויענ נאָכ קאָרפּוסנ, גענומענ פירנ ציגל אונ זאמד אפנ זאוואָד־הויפ,—טשאנ האָט פונ פארנומענקײַט אונ פארהאוועטקײַט באקומענ סיניאקעס אונטער די אויגנ, — ס'רײַסט אויס דאָס הארצ אפ אימ קוקנדיק.

אָט פונקט דעמלט האָט מענ מיכ איבערגעפירט אפ אנ אנדער פּראָצעס. איכ שטיי שוינ באמ פּלאטירנ. איכ פּלאטיר, וואָס ס'מאכט זיכ: כאָליוועס, פערעדעס. סכוירע איז דאָ איבערנ קאָפּ. דער צעכ שוויצט. בא די טישנ שטייט מענ א מענטשנ 100. אסאכ האָבנ אויסגעטאָנ די העמדלעכ, אונ מע רײַבט. ווארעמ אינ אונדזער צעכ שטייענ 5 באראבאנעס, וואָס דרייענ זיכ א שאָ 14 אינ מעסלעס, אונ שפּײַענ ארויס פונ זיכ טויזנטער פּאָר כאָליוועס, בערצעס, פערעדעס. דאָס אלצ ווארט אפ אונדזערע הענט, אונ אפ אונדזער ארבעט ווארטנ אנדערע פּראָצעסנ, פילנ מיר ניט אויס די נאָרמע,—שטעלנ זיכ אָפּ אנדערע. איינס איז געקניפּט אונ געבונדנ מיטנ צווייטנ.

באמ צווייטנ טיש שטייט כאִימל קארטונ. באשערט נאָכ א פּאָר יאָר זײַנ פונדערווײַטנס, זיכ ווידער מיט אימ טרעפנ אינ איינ צעכ.

נאָר דעמ עמעס געזאָגט, איצט איז ער מיר ניט סטראשנע: איכ האָב שוינ איבערבעהאט אפ זיכ קאלטס אונ ווארעמס אונ קיינ שומ קארטונס שרעקנ מיכ נישט.

צומ נײַעמ פּראָצעס געוויינ איכ מיכ צו גיכ. איכ בינ דאָכ עפּעס ניט איינ יאָר געווענ א פאלצער. דעמ אײַזנ האלט איכ נאָכ פעסט אינ האנט. אויב אנ אנדערער מאכט פיר מייעס א טאָג, שטיי איכ ניט אָפּ, אונ אויב עס בלײַבט איבער נאָכנ הודאָק א האלבע מייע, האָט ער בא מיר א ווערט, מ'קוקט זיכ ניט אומ, מ'אויספּייעט זיכ ניט אָפּצוואשנ, בינ איכ שוינ דערמיט פארטיק.

אונדזער צעכ האָט זיכ הײַנט אפ דער פארזאמלונג דערקלערט פאר א אורארנעמ, ווארעמ ווענ די זאגאטאָווששיקעס, וואָס דערגיבנ ניט יעדער וואָכ דרײַסיק פּראָצענט, שטייענ שוינ אינ צעטל פונ די אודארנע בא אונדז אפ דער פאבריק, אונ מיר ארבעטנ ווי די רוכעס, האָט זיכ אונדזער פארוואלטער פונ צעכ, ציטרינ, ניט געקענט אײַנהאלטנ אונ מיר האָבנ אימ אלע געקלאפּט בראוואָ, ווענ ער האָט זיכ ארופגעשטעלט אפ א טאבורעט, האָט פארויכערט א מאכאָרקע־פּאפּיראָס אונ האָט געזאָגט:

— מײַנע פּלאטיראָווששיקעס זײַנענ שוינ לאנג אודארניקעס, זיי יאָגנ, ווי אנ עלעקטרישע מאשינ, נאָר אויב מע דארפ עס אפאָרמענ, אָנרופנ דאָס קינד באמ נאָמענ, טוּ ענ מיר עס, הייסנ מיר אודארניקעס, פארשרײַבט: אונדזער פּלאטיר־צעכ ווערט אנ אודארנע

ער האָט פונ טאבורעט אראָפּ א קוק געטאָנ אפ אונדז, ווי אײנער זאָגט: „אָט טועג מיר זײ אלעמענ אָפּ אפ טערקיש״. שוינ געוואָלט אראָפּקריכנ, האָט אָבער טשאנ פונ זײַנ אָרט, ווו ער שטײט, א זאָג געטאָנ:

„ציטרינ, האָט ער געזאָגט, אז מע נעמט אפ זיך, זיך צו שלאָגנ, ווי א אודארנע צעך דארפ עס טאָנ, דארפ מענ געדענקענ, אז ס'איז ניט גלאט קײַנ ווערטער, דארפ מענ ארויסשטעלנ קאָנקרעטע א ציפער״.

געענטפערט האָט אימ צוריק ציטרינ (ער האָט געפילט, אז ער רעדט פאר אונדז אלע איצט).

— וואָס זשע ווילסטו, האָט ער געזאָגט, ווילסט א סטרעטשנע, מיר קענענ דיר געבנ א סטרעטשנע אויך—אונ האָט זיך אפ א ווײַלע אויסגעדרײט צו אונדז, א קוק געטאָנ אפ אונדז אונ אָנגערופנ א ציפער.

— אָט אזויפיל שטעלנ מיר ארויס אנטקעגנ,—האָט ער געזאָגט,—טשאנ, אודליעסוואָרעט עס דיך, צי נײנ?

ער האָט א קוק געטאָנ מיט א האלב־פארמאכט אויגל אפ טשאנענ, אפ דער גאנצער פארזאמלונג, ווי אײנער זאָגט: „נו, מירנ זענ, וואָס ס'טו איצטער זאָגנ?״

מיר, פלאטיראָווטשטשיקעס, האָבנ געקוואָלנ: הא, ארײַנגעשטעלט א קאנע! די ציפער, וואָס ציטרינ האָט אָנגערופנ, האָט געמאכט א רוישעמ. ציטרינ האָט זיך געשמאק גע־קראצט אינ פאָטיליצע, ער האָט פונ זײ איצט רויִק געקענט שטילערהײט אונטערלאכנ.

טשאנ האָט ווײַטער געזאָגט:

— אָבער אז מע נעמט אפ זיך פאר א קאָלעקטיוו א ציפער, איז קראָוו ס'נאָסא, בלויז זאָל גײנ—קײנ אײנ פאָר טאָר ניט פעלנ.

דערמיט האָט דערזועלביקער ציטרינ, וואָס האָט איצט געהאט הינטער זיך דעמ גאנצנ צעך, זיך א בײזער געטאָנ:

— טשאנ, — האָט ער געזאָגט, — זײַ מויכל, דו ביסט א יונגער מענטש, או דו ווערסט צונויפלײגנ די סטאזשנ פונ אלע הונדערט פלאטיראָווטשטשיקעס אינאײנעמ, וואָס האָסט זײ דאָ אײנס צו אײנס, וועט עס אויסמאכנ דריטהאלבנ טויזנט יאָר, א יאָר מער, א יאָר ווײניקער, ס'איז קײנ כילעק ניט. פארגעדענק זשע, אז דריטהאלבנ טויזנט יאָר ארבעט־סטאזש קענענ האלטנ וואָרט, אז זײ גיבנ עס, ביפראט נאָך, אז דאָס טוענ פארטײצעס אונ קאָמסאָמאָלצעס.

דאנ איז טשאנ אנטשוויגנ געוואָרנ, ער האָט זיך גענומענ צו אנדערע פר אגנ.

---

דאָס איז אלצ פאָרגעקומענ בײַטנ איבערײַס אפ ווארמעס. אָבער א האלבע שאָ פארנ ענדיקנ די ארבעט, האָט זיך אינ מיט צעך ציטרינ ווידער ארופגעשטעלט אפ א טאבורעט (ער איז א קלײנינקער אונ אזוי וואָלט מענ אימ טאקע ניט ארויסגעזענ), ער האָט זיך אָנגענומענ פאר א קנעפל פונ זײַנ אײגענער טושורקע אונ געזאָגט: „פלאטיראָווטשטשיקעס, איר בלײַבט הײַנט נאָך דער ארבעט צוליב אנ איניענ, אָבער אלע ווי אײנער״.

ער האָט געהאט זײער א סוידעוודיק קאָל אונ האָט זיך נאָך בײַסמײַסע ארומגעקוקט, צי הערט אימ קײנער ניט אונטער.

מיר האָבנ געשוויגנ, אלצ געריבנ מיט די אײַזנס די סכוירע. ער האָט פארשטאנענ, אז עס וועט זײַנ רעכט.

און ווי נאָר דער הודאָק האָט א פײַפ געטאָן, האָט ציטרינ געהייסנ צומאכנ די טירנ פונ צעכ, אליינ האָט ער זיכ ארופגעזעצט אפ א טיש, און מיר אלע האָבנ זיכ צונויפגעקוטשעט ארום אים.

— פלאַטיראָװשטשיקעס, זאָגט ער, מיילע, דאָרט אפ דער פארזאמלונג האָב איכ גערעדט, איצט ל'ינ מיר הערנ אײַער װאָרט.

דאָ דערהערנ מיר דאָס ערשטע מאָל פאר היינטיקנ טאָג װאָלקאָװ, דעם סעקרעטאר פונ אונדזער אָסאָ. ער האָט נאָכ נים אָנגעטונ דאָס העמדל, ער איז האלב-נאקעט, נאָכ נים אָפּגעװאשנ דעם שוויס פונעם לײַב.

— גיב מיר א װאָרט—זאָגט ער צו ציטרינענ.

— זײַנענ מיר געװאָרנ אודארנע, זאָגט ער, קענ עס אָנ סאָצפארמעסטונג נים גיינ. דאָס איז קלאָר, ווי אַז א קאװאלערייסקער פערד קענ זיכ אָנ פּידקאָװעס נים באגיינ.

װאָלקאָװ קענ אָנ קײַנ מעשאָלים פונ קאװאלערייסקע פערד נים אויסקומענ... ער איז א יאָר זעקס געװענ אינ א פּאָלק פונ רױטע קאזאקנ — א בראװער קאװאלעריסט געװענ, אָנ זײַנע פיס דערקענט מעפ עס—ויי זײַנענ אויסגעבויגנ אזויווי די דוהעס, איז ער בא אונדז דער באלעבאָס איבערנ אָסאָ.

— דאָ דארפ יעדערער זיכ פארמעסטנ מיט א צווייטנ, זאָגט װאָלקאָװ. אָט איכ האָב מיר שוינ אונטערגעקליבנ א פּאָר—איכ רופ ארויס מאנדלבוימענ—אפ 500 פּאָר.

דאנ זאָגט ציטרינ: — לערנט זיכ, כאװיירים, צוגיינ באָלשעוויסטיש צו דער ארבעט, אזויווי עס טוט אונדזער װאָלקאָװ. און דערעכאגעװ, איז נים קעדײַ צו פארציִענ די פארזאמלונג, עס קלעמט אונטערנ לעפעלע.

דעמלט הייבנ אָנ זיכ די ארויסרופנ. די יונגע פּעטרושאנסקע, וואָס איז ערשט נים לאנג צו אונדז איבערגעגאנ פונ פּעזוע, האלט א העפט און פארצייכנט די ציפערנ, וואָס די פלאַטיראָװשטשיקעס רופנ ארויס.

איכ ווייס, אז ס'דארפ קומענ אויכ צו מיר. איכ מוז איצט גיכ טראכטנ, אָבער עס גייט בא מיר שווערלעכ: איכ דארפ אינ קאָפּ אויסמארקירנ א ציפער און דעריקער ווענענ ארויסצורופנ—עס זאָל נים זײַנ קיינ פּוסטע רייד און מע זאָל מיר שפּעטער נים טיטשענ אינ די אויגנ: הערשל, דו שטייסט אָפּ.

איז פּלוצים, נאָכ איידער איכ באווײַז צו קומענ צו א רעכטנ געדאנק, הויבט אופ כאַימל קארטונ די רעכטע האנט, מיט דער לינקער שלעפּט ער פונעם הארטנ פּידעלע די פּענסנע און רוקט זיי אָנ אפנ קלײַנעדיקנ נעזל, און אז מע גיט אים א װאָרט, טוט ער דעם באקאנטנ שמייכל זײַנעמ, וואָס שטעכט ווי מיט נאָדלענ, וואָס ס'ליגט אינ אים אי כניפע, אי כויזעק און ער זאָגט:

— איכ רופ ארויס שאמײַענ אפ פינפהונדערט פּופציק שטיק פּאר א װאכטע.

ער קוקט זיכ ארום—ער וויל זענ ס'א רוישעם ער וועט מאכנ, ער וויל אויכ מיסטאָמע זענ—צי וועט שאמײַ נים פאלנ כאלאָשעס.

— נו, הערשל, וואָס זאָגסטו דערצו?—טוט מיר א מונטער דער קאָזאק װאָלקאָװ אונדזערער.

דעמלט נעמ איכ א װאָרט. איכ פיל, אז איכ קענ ריידנ. אינ קאָפּ איז ווידער קלאָר, ווי מ'וואָלט דאָרטנ נאָרוואָס דורכגעלופטערט.

— ס'זאָל נים גיינ אינ א זאכ, זאָג איכ, וואָס מע דארפ עס האָבנ פארנ סאָציאליזם וועגנ, און וואָס די פּארטיע און די ראטנמאכט מיט אונדז אלע איינעם האָבנ עס אָנגע-

נומען, וואָלט איך זיך אוואדע געזוכט אן אנדער פּאָר, נאָר אז ס'האָט זיך אזוי געמאכט, איז ווארפ איך ארופ נאָך פופציק פּאָר און גיב 600 שטיק א וואכטע.

איך גיב אומיסטנ א קוק אפ קארטונענ. איך זע—ער שלינגט די סלינע, די לינקע האנט, וואָס ער לייגט מיט איר צוריק ארײַנ די פענסנע אינ פידעלע, ציטערט, דאָס כור־זעק־שמייכעלע בלײַבט ניט.

— איינ געוועט, זאָגט ער, האָט ער שוינ אמאָל געהאט פארשפּילט, דעמלט מיט דער פאלץ־מאשינ—לאָמיר האָפנ, אז אויך איצטער וועט ער פארשפּילנ.

— אויב, — זאָג איך צום אוילעם, — קארטונ האָט מוירע צו נעמענ אפ זיך זעקס הונדערט שטיק, איז עס, זאָג איך, זײַנ זאך. איך קענ אים שטענדיק ארויסלאָזנ פונעם געוועט.

— נו, מיילע, זאָגט ער, און הייבט עפּעס נאָך אָנ צו שטאמלענ.

נאָר פּעטרושאנסקע פארשרײַבט שוינ, איז ווער האָט צײַט זיך צוצוהערנ, וואָס קאר־טונ שטאמלט.

---

## כאסקל דער ווּוציק

איך האָב אומזיסט געהאט צאָרעס, אז איך וועל פארשפּעטיקנ מיט מײַנ ציפער. אויך נאָך מיר זײַנענ נאָך געבליבנ מענטשנ, וואָס האָבנ זייער ציפער ניט אָנגערופנ, וואָרעם ניט, אלע איילנ זיך. עס זײַנענ פאראנ מענטשנ, וואָס דארפנ אלץ ארומריידנ, זיי זײַנענ זייער סטריאָזע און זיי ווילנ דיר גאָרניט טונ, איידער זיי וועלנ זיך געבוי ניט ארויסזאָגנ.

אזא איינער איז בא אונדז כאסקל דער ווּוציק.

אָט אזוי שטייט ער איצט אפ דער שטילער פארזאמלונג בא אונדז אינ צעכ. ער איז נאָך, ווי מיר אלע, אינ פארטעכ, וואָס איז בא אים ביזנ האלדז, ווי א שפּיטאָל־כאלאט. די באָרד זײַנע איז באוואקסנ מיט שטעכעלקעס, נישט ער גאָלט זי, נישט ער שערט זי אונטער.

ציטרינ זעט, אז כאסקל וויל עפּעס זאָגנ און דערלאנגט אים דאָס וואָרט.

— כאווײרים, זאָגט כאסקל מיט זײַנ שטיל קאָל, כאווײרים, איך מיינ, אז מיר דארפנ דאָ אינזינענ האָבנ ניט נאָר אונדזער צעכ, נאָר מיר דארפנ א הייב טאָנ די גאנצע פאַבריק, א נעם טאָנ זי אפנ בוקסיר. נישקאָשע, אונדזער צעכ קענ זיך פארגינענ אזא זאך צו טונ.

ער לייגט פאָר מיט א כעזשבנ אינ האנט, מיט א קלאָרער ציפער, ארויסרופנ צוויי צעכנ אפ געוועט—זיך ווענדנ צו זיי מיט א בריוו אינ נאָמענ פונ דעם גאנצנ קאָלעקטיוו.

ער הייסט כאסקל ברוינ, נאָר רופנ רופט מענ אים שוינ א שטיקל צײַט כאסקל דער ווּוציק.

דער נאָמענ ווּוציק איז בא אים, פארשטייט זיך, ניט פונ קליינוווײַס אופ, נישט אפילע פונ נאָך דער כאסענע, וואָרעם ער איז שוינ א יאָר 20 א באווײַבטער, ער האָט שוינ דרײַ עלטערע קינדער, דער צונאָמענ איז אים געקומענ מיט א יאָר אָנדערהאלבנ צוריק.

אָנגעהויבנ האָט זיך עס בא אים פונעם שטאָטראט. מ'האָט אים אויסגעקליבנ פאר א דעפּוטאט. מ'האָט אויסגעקליבנ ניט נאָר אים בא אונדז אפ דער פאבריק, מיר האָבנ דאָס יאָר אינ שטאָטראט געשיקט א מענטשנ אכט.

כאסקלען האָט מען אויסגעקליבן טאקע דערפאר, וואָס ער טוט אלצדינג ניט געיַלט. ער האָט ליב א זאך צו באטראכטן, ארומצודריירן, ווען אלע זאָגן זיך שוין ארויס, הויבט ער ערשט אופ די האנט, און אז מ׳גיט אים דאָס וואָרט, זאָגט מען עס פון פרעזידיום, אראָפּ מיט אסאך קאָוועד, גלײַך ווי ער כאסקל, האָט א גרויסע טויווע געטאָן וואָס ער האָט געבעטן א וואָרט. „איך מיין — הייבט ער שטענדיק אָן — אז די זאך דארף מען טאָן אָט אזוי...״

און נאָך פאר איין זאך האָט מען אים געשיקט פאר א דעפּוטאט.

קומט אמאָל צו אונדז אראָפּ עמעצער פון פארטיי־קאָמיטעט מאכן אן אויספאָרשונג צי לייענט מען יִדישע גאזעטן, צי עס איז דאָ א פּאָליטשול אפ יִדיש, הייסט מען אים אין יאטשייקע זיצן אביסל, פרײַמאן טוט אפגיך א פינטל מיט די אויגן און זאָגט ווי פאר זיך

— מע דארף אראָפּרופן כאסקלען. ווארט צו, כאַווער,—אירט באלד האָבן אלע יעדיִעסל

כאסקל קומט אראָפּ נישט געיַלט. די באָרד־שטעכעלקעס זײַנע זעט אוים מיד, אביס אויסגעצוויטעט. ער ווייסט שוין נאָכוואָס מע האָט אים גערופן אראָפּ אין יאטשייקע. ער זעצט זיך צו צום געקומענעם. ער זעט איצטער אויס, ווי א געניטער דאָקטער, וואָס קען שוין זײַן כוילע נישט פונעם ערשטן טאָג.

נאָר אין געזוערד מישט זיך כאסקל ווייניק, די נאגרוזקע האָט ער אינגאנצן איבערגעגעבן דער טאנקאָליט, וואָס איז, זינט זי איז בעקומען פון די יִדישע קאָלאָניעס, געוואָרן א גאנצע אקטיוויסטקע אין געזוערד. עמעס, ער העלפט איר אונטער, באזונדערס, אז ס׳איז דאָ א שווער שטיקל ארבעט, ווי צום בײַשפּיל בייס א געזוערד־לאָטעריי.

שיקט מען אפ דער פאבריק צו לאָטעריי־בילעטן פון געזוערד, גיט זיי כאסקל איבער דער טאנקאָליט. ער רופט אייניגעם מיט איר צונויפ די אויסגעטיילטע פון די צעכן, גיט זיי ליסטעס און זאָגט זיי אָן: „איך מיין, אז קיין איין בילעט טאָר צוריק פון צעך נישט אומגעקערט ווערן״. מער מישט ער זיך צו דעם נישט, דאָס איבעריקע דארף שוין דער טאָן די טאנקאָליט אליין.

כאסקל פאָרט אָפּט אפ יִדישע צוזאמענפאָרן, וואָס קומען פאָר אין כארקאָוו, צי אין מאָסקווע, אָדער מ׳קלײַבט אים אויס, אָדער מ׳קלינגט אין יאטשייקע צו פרײַמאנען. אזוי און אזוי: אײַער כאסקל ברוין איז אויסגעטיילט צו פאָרן אפ אזא און אזא צוזאמענפאָר.

דעמלט שיקט פרײַמאן אראָפּ רופן כאסקלען. כאסקל גייט ניט געיַלט. ער האָט דעמלט זייער אן אײַנגעהאלטנ פּאָנעם, די באָרד־שטעכעלקעס מאכט אים שטארק מעיושעוודיק.

און נאָך פאר אזאך האָט מען אים אויסגעקליבן: דאָס איז דערפאר, וואָס ער איז א אודארניק. אָבער שוין ניט נאָר אפ אונדזער פאבריק, נאָר ער איז באקאָנט אויסער דער פאבריק, ער האָט גענומען א פרעמיִע אפ א שטאָטישער פארזאמלונג און מ׳האָט אין א כארקאָוויער גאזעט ארויסגעשטעלט זײַן פּאָרטרעט מיטן בערדל, וואָס ניט ער גאָלט עס, ניט ער שערט עס אונטער.

אָט אזוי ווי איר קוקט אים אָן—מאכט ער עס אלץ אָפּ שטילערהייט און האָט דאפקע אזא מאָגן־יאזווע, וואָס ניט יעדער קראנקער אפילע ווייסט פון אזא מעציִע—אז ס׳קומען אים אָן די קראמפּן, ווערט ער געל, ווי א מעס, עס הייבן אים אָן צו גיין כאָדראָם די סקרלעס, די אויגן רוקן זיך אים ארײַן טיפ און עס נעמט גליען פון זיי א קראנקער פײַער׳

דעמלט פירט אים ציטרין אליין אוועק פון צעך אין אמבולאטאָריע־צימער, בא אונדז אפ דער פאבריק. מע לייגט אים צו הייסע פלעשער צום בויך. מ׳מאכט אים א קאָמפּרעס. ציטרין אליין גייט ארום אים ארום. ער האלט שטארק פון כאסקלען. עס גייט אזוי אוועק א האלבע שאָ, און כאסקל באווײַזט זיך צוריק אין צעך. דאָס פּאָנעם איז נאָך געל און אונטער

די אויגן זײַנען בא אים בלאָווע פאסן. ער גייט שטיל צו צום וואַרשטאַט, נעמט דעם אינסטרומענט אין האַנט און פלאַטירט ווי ער האָט פלאַטירט פריער מיט א שאָ פריער מיט א טאָג.

ציטרין גייט אַרום שווײַגנדיק, אַביסל איז ער איצטער קאַפּריזנע. זאָגן כאַסקלען ער זאָל גיין אַהיים, איז ער אַפ דערופ א פאַרוואַלטער פון צעך און פאָדערט אַרבעט, ער קען אָבער ניט צוקוקן, ווי יענער גייט מיט נאָך ניט אָפּגעגאַנגענע ווייטעקן, און פאַלט אַלעמאָל אַרײַן אין א זיבעטן שווייס, דאָס לעדער רײַבנדיק.

— ער שטייט מיט א גרעלקע אַפן בויך, בורטשעט ציטרין אונטער פאַר זיך און מ'ווייסט ניט, צי איז ער אינקאַס אַפ כאַסקלס אַקשאָנעס, צי אַפ דער פאַסקודנער קרענק· וואָס לאָזט יענעם ניט אָפּ.

אין אָט אַזאַ מאָמענט, ווען כאַסקל איז מיט קראַמפּן און מיט א הייסער גרעלקע אַפן בויך געשטאַנען באַם וואַרשטאַט און האָט ניט געוואָלט אָפּשטיין, וואָרעם דער גאַנצער צעך האָט געהאַט א נאָרמע פאַר זיך, איז פונקט דעמלט די גליקלעכע בשורע אים אָנגעקומען. זי איז אָנגעקומען דורך דעם וועג, דורך וועלכן אַלע יעדיעס—גוטע און שלעכטע—קומען צו אונדז אַפ דער פאַבריק אָן: דורכן טעלעפאָן פון יאַטשייקע. איצט האָט די אָנגעקומענע נײַס — מ'האָט טעלעפאָנירט פונעם אויספּירקאָם — אַרופגעבראַכט פרײַמאַן אַליין. ער האָט מיט די קורצזיכטיקע אויגן אָפּגעזוכט כאַסקלען און אַז זײַנע אויגן האָבן אים אָנגעטאַפּט, איז ער פאַמעלעך צו אים צוגעגאַנגען, אים אָנגערירט בא דער פּלייצע. כאַסקל האָט זיך דערשראָקן און האָט ווידער אַפ זיך דערפילט אַלע זיבן שווייסן. ער האָט געוויס געמיינט, אַז ס'וואַרט שוין אַפ אים עפּעס א פריקרע נײַס.

— איך גראַטוליר דיך,—האָט פרײַמאַן אַביסל העכער געזאָגט, און מיר אַלע, וואָס שטייען ניט ווײַט פון כאַסקלען, האָבן עס געהערט,—איך גראַטוליר דיך, כאַסקל, מ'שיקט דיך אַפן צוזאַמענפאָר פון די ראַטן אין כאַרקאָוו און מיר שטעלן דיר אַרויס אין וווּציק אַרײַן.

דאָס האָבן מ י ר נאָר די ערשטע מינוט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. דאָס האָבן מ י ר נאָר געמיינט, אַז פרײַמאַן שפּאַסט. כאַסקל האָט גלײַך פאַרשטאַנען וואָס און ווען.

ער האָט זיך אַביסל פאַרויטלט. די געלקײַט האָט זיך פון זײַן פּאָנעם אָפּגעטאָן. ער האָט אַרײַנגעשטעקט די האַנט אונטערן פאַסיק פון די הויזן, אַרויסגעשלעפּט די בלעכענע גרעלקע, און זי אַוועקגעלייגט אַפן טיש. פונדעסטוועגן איז ער געווען אַביסל צעטומלט.

— וווּהין דאַרפ איך גיין—האָט ער א פרעג געטאָן פרײַמאַנען.

— כ'ווייס,—האָט פרײַמאַן געזאָגט,—מע האָט געקלונגען פונעם אויספּירקאָם, כאַפּ זיך אַהין אַראָפּ, וועסטו קריגן דעם מאַנדאַט.

ציטרין האָט גענומען פונעם טיש די גרעלקע.

— גיי שוין, האָט ער געזאָגט, כאַסקל, אַהיים אַביסל פריִער, ס'קומט דיר אַפילע לויטן סאָצסטראַך, ביפראַט נאָך, אַז דו האָסט זיך אויסגעצייכנט אַפילע אין דער הויפּט־שטאָט און מ'קלײַבט דיך אין וווּציק אַרײַן.

ער האָט אים נאָך א פרעג געטאָן וועגן די קראַמפּן, אָבער כאַסקל האָט שוין וועגן דעם איצט בלויז געשפּאַסט.

— די קראַמפּן וועלן שוין מוזן איבערגיין, ער האָט געזאָגט, פאַר ווען, פאַר ווען, נאָר פאַר א מיטגליד פון וווּציק וועלן זיי האָבן דערעכערעצ.

מיר ארבעטן שוין אין דריַ וואכטעס, פון לעדער־זאוואָד האָט זיך א שיט געטאָן סכוירע. מיר באוויַזן ניט אָנצוזיאָגן. מיר טאָרן איצט ניט פארלירן קיין איין מינוט: ס'איז דאָ אן עקסטרע זאקאז, וואָס מע מוז אים מאכן צודערציַיט. האָט מען איַינגעפירט אויך א דריטע וואכטע. מ'ביַיט זיך. איין וואָך אין כוידעש קומט מיר אויס צו ארבעטן אַפ דער צווייטער און אפילע אמאָל אַפ דער דריטער וואכטע. ס'איז איצט ווינטער און אונדזער פאבריק אפן בארג איז איַינגעוויקלט אין שנייען. באנאכט איז אין צעך עפּעס שטילער. מע טאראראמעט ניט אזוי. מע קען רויִק טראכטן ביים דער ארבעט, אזוי ארבעט זיך נאָך גיכער.

איך, אז איך דארף קומען צו דער דריטער ואכטע, וואָס קומט אויס עלפ באנאכט, האָב איך ליב ארויסגיין פונדערהיים פריִער: ווארעם וואָס עס מאכט זיך—זאָל איך ניט פארשפעטיקן. איך האָב פיַינט פארשפעטיקן. טאָמער גייט ניט דער טראמוויַ—אין א זאווע־רוכע טרעפט זיך עס מיט אים אָפט — קאָלזמאג די פיס דינען, ווײַל איך ניט זיַין בעוועגדט אינעם טראמוויַ.

אויך דעם טאָג גיי איך ארויס פרי פונדערהיים. אַפ דער גאס פאלט א שניי, דערוויַיל פאמעלעך, אָבער מיַין נעכע, וואָס האָט א טעווע צו מאכן פון א פליג א העלפאנט, שריַיט: הערשל, הערשל, ס'ט האָבן מיַין ווארט: ס'פארנעמט זיך אפ זאווערוכע, עפשער וואָלסטו היַינט ניט ארויסגעגאנגען צו דער ארבעט.

— נעכע,—זאָג איך צו איר,—ווען איך ווייס ניט, ווער ס'זאָגט עס מיר, וואָלט איך אים אפילע ניט געענטפערט—הער נאָר, בא א באלעבאָס א בלוטזויגער האָב איך אין מיַין לעבן קיין איין טאָג ניט פארפעלט צו דער ארבעט, וועל איך איצטער, ווען דער ארבעטער שטייט אליין בא דער וולאסט, אזוינס טאָן, ביפראט נאָך, אז מע האָט צו מיר צוטרוי און מע האָט מיר אומגעקערט דעם קאנדידאטסקע בילעט.

— טאָ טו אָן די שאל אפ די פלייצעס, לאָזט זי מיך ניט רוען, ערשט מיט א וואָך צוריק האָט מען געפונען א פארפרוירענעם אין פעלד.

זי באוויינט מיך, ווען איך גיי ארויס אין דער נאכט אריַין. איך ווייס שוין, אז זי וועט א גאנצע נאכט ניט שלאָפן.

דער שניי שיט איצט שטארקער און שטארקער. עס הויבט זיך אָן צו פארנעמען אפ א זאווערוכע.

אפ מיַין גליק גייט נאָך א טראמוויַ. איך כאפ זיך אריַין, מע דריקט מיך צונויפ ווי א הערינג אין א פעסל. אזוי איז טאקע ווארעמער.

דעם וועג פון טראמוויַ צו דער פאבריק דערלויפ איך. עס איז שווער צו אָטעמען. דערפאר איז איצט אזוי גוט אין צעך: עס איז ווארעם און ליכטיק, מאמעש א גאניידן.

מענטשן זיַינען דאָ ווייניק. איך האָב מוירע, אז א העלפט וועט היַינט ניט ארויס צו דער ארבעט.

עס רוישן נאָר די באראבאנעס, זיי דרייען זיך און פארהילכן דעם צעך. לעם די באראבאנעס אפן פאָל זיצן ארבעטערנס און גליַיכן אויס די צעקנייטשטע סכוירע, וואָס זיי האָבן נאָרוואָס פון דאָרט ארויסגענומען.

דער געוועט מיט קארסונען האָט זיך בא מיר די טעג אָנגעהויבן. דערוויַיל האָבן מיר נאָך ניט אונטערגעציילט. מיר ווארטן ביז סאָפ וואָך. איך בין מיר רויִק—אזא ארבעטער, ווי כאיִמל קארסונ, איז נאָך הערשל שאמיַ אויך. היַינט באנאכט רעכן איך א יאָג צו טאָן: ער וועט זיך כאפן, וועט אים ווערן א לאָך אין הארצן — ער האלט ערשט בא 450 שטיק.

דערווײַל ביז וואָס ווענ, דער הוראָק אפ דער דריטער וואכטע איז נאָכ ניט
דרײ איכ זיכ ארומ אינ צעכ. מ׳כאפּט א שמו... נײַסנ, מ׳זעט זיכ מיט א מענטשנ.
אינ א ווינקל בא דער וואנט שטײ... ...לעכע פּאלצ־מאשינעס. אפ זײ ארבעט מענ
שוינ א צײַט ניט, זײ זײַנענ אפ קאָנסערוואציע. איכ גײ צו צו זײ, שטעל זיכ אָפּ בא
אײנער, אונ דערמאָנ זיכ פּונקט אינ אזא אָוונט מיט א יאָר דרײַ צוריק, סע איז אויכ גע־
ווענ אינ אזא ווינטער־נאכט, ווענ מע האָט געמאכט א פּראָבע אפ דער מאשינ. אָטאָ דאָס
איז זי, דאכט זיכ. איכ דערקענ זי אָנ דער סעטקע. דערנאָכ דערמאָנ איכ זיכ דעמ הארצ־
ווײטעק אונ דעמ ביזאָיענ, וואָס איכ האָב געהאט דעמ צווײטנ טאָג, ווענ איכ האָב זיכ
געלאָזט אינ געוועט מיט דער מאשינ. „ס׳א טיפּעש דו ביסט געווענ, הערשל,—זאָג איכ
צו זיכ אלײנ,—וויאזוי האָט עס דיר גאָר געקענט אײַנפאלנ זיכ פּארוועטנ מיט א מאשינ
וואָס ביסטו—אירס א גלײַכנ, צי וואָס. מיט א מאשינ דארפ מענ אָנפירנ, זי דארפ זײַנ
אינ דעמ מענטשנס האנט, אזויווי לײמ אינ די הענט פונעמ קנעטער“.

— נאָר דעמלט,—טרײסט איכ זיכ אלײנ,—האָב איכ נאָכ אונ נאָכ זאכנ ניט פאר־
שטאנענ, מאלע וואָס—איכ זאָל אויסטערכענענ אלצ, וואָס איכ האָב נאָכ דעמלט ניט פאר־
שטאנענ, וואָלט זיכ באקומענ א געשוואָלענע דיעלאָ קעגנ מיר אלײנ.

אונ אזויווי ס׳איז נאָכ דאָ צײַט, נעמ איכ פונעמ טיש א פּערעד, רוק אימ ארונטער
אונטערנ מעסער פונ דער מאשינ, אונ לאָז זי.

— לאָמיר אפ טשיקאווע א קוק טאָנ,—טראכט איכ מיר,—צי איכ טויג צו א מאשינ—
איכ בינ עס א באלנ צו זענ.

דער אוילעמ איז אינ צעכ אָרער פארנומענ, אָדער מע דרײט זיכ ערגעצ ארומ אינעמ
צווײטנ ווינקל.

די מאשינ טוט א רודער, דער מעסער טוט זיכ א ריר, ער רוקט זיכ איבערנ לעדער,
ער נעמט ניט.

— הער, הערשל, זאָג איכ צו זיכ אלײנ, טויגסט ניט, אײנמאָל פאר אלעמאָל טויגסט
ניט צו קײנ מאשינ.

ס׳איז מיר אביסל א פּארדראָס, וואָסי? איכ בינ דענ, כאָלילע אָנ הענט, צי וואָס?
א לײדע פּאבזאוויטשניצע שטײט זיכ בא דער מאשינ, ווי א פּריצע, האָט אינ האנט אלע
רעדעלעכ אונ שרײַפעלעכ, אונ איכ בינ אזא טויגעניכטס.

דערווײַל איכ טו א קוק—הינטער מיר שטײט דער הויכער מאנדלבוימ, ער שמײכלט.
ער מײנט, כאָלילע, קײנ בײז ניט, ער איז זײער א צוגעלאָזטער מענטש.

— אי, הערשל, זאָגט ער. דאָס מעסער נעמט ניט בא דיר, ס׳איז מיסטאָמע שטומ־
פּיק, ווי א כאָלעווע.

אונ ער בלײַבט ניט, ער האָט עפּעס א אײַליקנ אינינע.

איכ בויג זיכ אביסל אײַנ איבער דער מאשינ, מיר איז א ציקאווע צו זענ, וואָס איז
דאָ. דערנאָכ נעמ איכ ווידער אינ האנט דעמ פּערעד, איכ זע—ער איז ארויס א מעכײַע,
ווי מע זאָל איבער דעמ איבערגײנ מיט אנ אײַזנ.

— וואָס קומט דאָ פאָר? ס׳איז עפּעס א פארבלענדעניש!

איכ בויג זיכ נאָכאמאָל אײַנ צו דער מאשינ, איכ עפנ אופ דאָס דעקל, אונ דערזע דאָס
מעסער—איכ טאפּ אומיסטנ אָנ די שארפנ מיטנ פינגער, איכ דערפיל—עס איז שטומפּיק
טעמפּ—מ׳האָט עס שוינ א גוט שטיק צײַט ניט געשארפט.

— הערסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, זאָג איך צו זיך אליין, ס'איז גאָר קיין אומגליק ניט, קען ער ניט פאַלצן, וועט ער שטויסן, ס'איז גענוג שטומפּיק דערצו.

— הערשל,— זאָג איך צו זיך,— דו האָסט, דאַכט זיך, געפונען א נײַעם ספּאָסאָב—כאַימל קארטונג וועט באַקומען א פּופּלעקציע אינמיטן צעך...

און פּלוצים קומט מיר א געדאנק אין קאָפּ אַרײַן,—ניט איין געדאנק—א יאַם געדאנקען. זיי שווימען אזוי גיך אָן, ווי וואסער, וואָס קלײַבט צו אין טײַך בײַם א געוויטער. דאָס בלוט שיסט מיר צו צום קאָפּ, צום הארצן.

איך לויף צו צום באַראַבאַן, כאַפּ פונעם פּאָל א פּאָר צענדליק פּעקעדלעך, וואָס ליגן און ווארטן אפ מײַן אײַזן—און איך נעם זיי אהער. איך לייג זיי ארונטער אונטערן מעסער, וואָס איז טעמפּ געוואָרן און מע האָט עס ניט אָנגעשלײַפט, און לאָז די מאשין. דאָס אײַזן גייט זיך דורך איבערן לעדער. איך דריי דאָס לעדער אפ אלע זײַטן, דאָס אײַזן שטויסט עס פּונקט ווי מײַן אײַזן באַם טיש, נאָך גיכער, אסאַך גיכער, אָן אן ערעך גיכער.

און אזוי א פּערעד נאָך א פּערעד, א פּערעד נאָך א פּערעד. עס פאַרכאַפּט מיר דער אָטעם. איך דאַרף האָבן עמעצן לעם זיך, איך זאָל אים עס קאָנען ווײַזן, קענען דערציילן דאָס געפינס, וואָס איך האָב אויסגעפונען הײַנט בא נאַכט, ווען ארום און ארום אפ דער וועלט איז א זאַווערוכע און נאָר אין צעך איז ווארעם און ליכטיק.

נאָר באַלד באַטראַכט איך זיך: ניין, אײַנגעהאַלטן, הערשל, האָב צײַט, האַלט דערווײַל דאָס נײַס אין זיך, האָב געדולד א פּאָר שאָ.

ציטעריג איז אפ דער נאַכט-וואַכטע גיטאָ, איך האָב אפילע ניט וועמען צו ווײַזן, וויאַזוי עס באַקומט זיך. נאָר וואָס דאַרף מען דאָ ווײַזן? אזא יאָר שוין אפ מיר סאַרא שטיקל סכוירע עס גייט ארויס.

איך שלעפּ מיר פאַמעלעכן איבער מײַן סכוירע צו דער מאשין. א רוק א פּערעד נאָך א פּערעד אונטערן אײַזן און נעם אים ארויס א פאַרטיקן. די סטאָסעס לעם מיר וואַקסן פון שאָ צו שאָ. דער אוילעם כאַפּט זיך, אז איך פעל באַם טיש. עמעצער זאָגט, אז ער האָט מיך אליין געזען. דער הויכער מאַנדלבוים, מיט די רויטע אָדערלעך אפ דער נאָזשווערט זיך באַם געזונט, אז ער האָט מיט מיר אליין גערעדט.

— שאַט,—דערמאָנט ער זיך זיי צו זאָגן,—כ'האָב אים זיך געזען פאָרען בא דער פאַלצמאשין. ער קען זיך ניט פארגעסן זײַט יענער געשיכטע מיטן געוועט.

א פאָרל גייט מיך זוכן. דאָס גייען וואָלקאָוו און מאַנדלבוים. אביסל אויס ציקאַוועס און אביסל האָבן זיי מוירע, צי עס האָט מיט מיר עפּעס ניט געטראָפן.

זיי טרעפן מיך בא דער מאשין. איך רײַב שוין די זעקסטע מייע. איך האָב שוין באַלד אופגעגעסן די מאָרגנדיקע פּאָרציע (מ'גיט אונדז ארויס סכוירע אפ עטלעכע טעג).

זיי קוקן אווײַלע, פארשטייען נישט, וואָס דאָ קומט פּאָר.

— הערשל,—זאָגט וואָלקאָוו.—הערשל, וואָס טוסטו?

— איך שטויס,—זאָג איך, וואָלקאָוו—ס'גייט ווי אפ פּוטער.

— מיט וואָס שטויסטו? מיט א פאַלצ-מאשין שטויסטו?

און ער נעמט פונעם טיש א פּערעד, באַקוקט אים און ווערט דערשטוינט.

— הערשל, ווער האָט דיר וועגן דעם געזאָגט? צי דו ביסט אליין אפ דעם טייכל געקומען?—פרעגט ער מיך.

— וואָס איז דיר שוין דער כילעק, כאַפּ א קוק צו די צוויי מאשינעס, וואָס שטייען דאָ — זיי זיינען מיסטאָמע אויך געווען שטומפּיק, און שטעלט זיך באַגלייך מיט מיר שטויסן.

דערוויַיל זיינען פון די טישן אָנגעקומען נאָך מענטשן. מע איז געקומען קוקן, ווי אַף א בייז וווּנדער. צווישן זיי אויך כאַיִם קאַרטון. איך גיב א קוק צו אים און זאָג צום אוילעם, ווי ניט אים מיין איך.

— מיינע זעקס הונדערט האָב איך שוין מיט א שמיצל.

— וואָס רעדסטו — מאַכט מאַנדלבוים, פאַר צוויי מאָל אַזויפיל גיב איך שוין די גאַראַנטיע.

קאַרטון ווערט גרין און געל. ער נעמט זוכן די פּענסנע אין פּידעלע, קוקט זיך איין און זאָגט:

— זעסטו, א נייע דערפינדונג, אין ניזשני שטויסט מען שוין אַף מאשינעס פונעם פּירונצוואַנציקסטן יאָר צַן.

— מאַכט ניט אויס, — זאָגט מאַנדלבוים און האַלט דאַפּקע אַף מיין זייט — אין ניזשני שטויסט מען עפּשער אַף מאשינעס, אָבער דאָ בא אונדז איז הערשל דער ערשטער אַף דעם געפאַלן. דו געדענקסט, זאָגט ער, הערשל, פאַר דריי יאָרן מיט דער פאַלצ־מאשין...

און איך כידעש זיך אויך. עס קומט בא מיר אַליין אויס אַזוי אומגעריכט.

— די אייגענע מאשין, זאָג איך, האָט מיך אַמאָל געשטעלט צום נאַר און איצטער האָט זי מיך, דאַכט זיך, געמאַכט פאַר א מענטשן.

די נאַכט האָבן מיר איינדרייען — איך, וואָלקאָוו און מאַנדלבוים — אָפּגעקלאַפּט אַף די פאַלצאָווקעס. מיר האָבן אופגעגעסן א שיין ביסל סכוירע. אין קאַרטונס וואַסערדיקע אויגעלעך האָט געזאָטן טרוקענע רעציכע.

עס האָט אונדז נאָך פאַרטאָג־צו פאַרכאַפּט ציטרין. אַף א האַלבע שאָ פאַרכאַפּט. ער האָט באַלד באַנומען, וואָס דאָ קומט פאָר, און געזאָגט: „דעם סטרעטשנע האָבן מיר שוין, ווי בא זיך אין קעשענע, נאָר וואָס דען — מירן איצט מוז עפּעס נאַדבאַווען. — מיר קענען זיך פאַרגינען".

די פּראָדוציר־פאַרזאַמלונג וועגן דער נייער איינפירונג האָט ער צוליב אונדזער מידקייט — אָפּגעלייגט אַף מאָרגן. ס'איז געווען וועגן אַסאַך זאַכן צו ריידן — צוליב דעם האָט מען געדאַרפט האָבן א קלאָרן מויעך.

---

אַף דער צעכאָווער פּראָדוציר־פאַרזאַמלונג איז פול געפּאַקט. ס'איז שוין דאָ ניט נאָר אונדזער צעך. שטיין שטייט בלויז איין פראַגע — אָבער זי איז שווערער און האַרבער, ווי עס זאָל זיין אַסאַך.

אונדזער פאַרוואַלטער ציטרין שטייט ווי שטענדיק, אין דער טוזשורקע, וואָס איז אים שמאָל אין די פּלייצעס און האַלט זיך בא א מיטלסטן קנעפּל. ער גיט איבער וואָרט בא וואָרט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען און זאָגט, אַז היינט פאָדערן זיך קאָנקרעטע ווערטער.

מאַנדלבוים רעדט אין נאָמען פון אונדז דריי, וואָס האָבן די נאַכט אָפּגעיאָגט אַף די מאשינעס בא די דריי טויזנט שטיק, אין נאָמען פון וואָלקאָוון און אין מיינעם. גאַנץ פאַרשטענדלעך, דעם קאָוועד פון פאַלן אַפּן איינפאַל טיילט ער מיר אָפּ. ער מאַכט עס

נאָכמער, ווי ס'איז. לויט זײַן מײנונג בין איכ דער ערשטער שלאָגלער און דער ערשטער שאמינ־אויסקלערער און איכ פארדינ באקומענ א פרעמיע.

— מיר פאָדערנ,—זאָגט אונדז וואָלקאָוו,—אז מע זאָל—אינ פלאטיר־צעכ אוועקשטעלנ מאשינעס—די דערפינדונג מוז אויסגענוצט ווערנ אפ אלע הונדערט פראָצענט...

אפ דער פארזאמלונג איז אויכ פאראנ אונדזער לעקטאָר. כאווער בארו. ער נעמט א וואָרט און ווי שטענדיק, רעדט ער אזויווי פונעמ ביכל ארויס און ברענגט מעשאָלים פונ כאווער לענינ און פונ כאווער סטאלינ און ענדיקט מיט א פאָר אײגענע ווערטער.

— מיט אסאכ יאָרנ צוריק,—זאָגט ער—ווענ עס איז ערשט אופגעגאנגענ די זונ פונעמ פראָלעטאריאט, האָבנ די ארבעטער נאָכ גאָרניט פארשטאנענ און האָבנ געבראָכנ די מאשינעס. ערשט שפעטער, זאָגט ער, האָבנ זײ פארשטאנענ, אז ניט ברעכנ דארפ מענ זײ, נאָר נעמענ אינ די הענט, און באַ ראטנמאכט בעט זיכ שוינ די מאשינ אלײנ: איכ בינ דײַנע, נא, נעמ מיכ.

דעמלט טוט עס מיכ א ברי.

— מאָלט אײַכ, כאווער לעקטאָר, זאָג איכ און פארגעס אפ א מינוטקעלע זײַנ פאמיליע, מאָלט אײַכ, אז קײנ מאשינעס האָב איכ קײנמאָל ניט געבראָכנ, נאָכ דאָס פעלט מיר.

— ס'איז נאָר א מאָשל, פארענטפערט זיכ בארו, א היסטאָריטשעסקער מאָשל פארנ גאנצנ ארבעטער, און איכ האָב אײַכ, זאָגט ער, כאווער שאמיַ, גאָרניט געמײנט, כאָלילע, צו באלײדיקנ.

קאס גײט מיר באלד אָפ, וואָרעמ אזוי איז ער דאכקע זײער א ווילער מענטש, בארו, ער האָט ליב אויסצוהערנ און ענטפערט צוריק און קענ אפנ קאָפ אלצדינג, וואָס מארקס האָט געזאָגט און וואָס לענינ האָט געשריבנ. צווישנ אלע נעמט א וואָרט אויכ כאַימ קארטונ.

— ערשטנס, זאָגט ער, ארבעט מענ שוינ אינ ניזשני אפ מאשינעס פונעמ פירונצוואנ־ציקסטנ יאָר אָנ, און צווײטנס, זאָגט ער, איז א בלינדער כלומשיַ, וואָס גראדע שאמיַ האָט זיכ אפ דעמ אָנגעשטויסנ. דאָס אײגענע האָט זיכ געקענט טרעפנ מיטנ ערשטנ בעסטנ ארבעטער, וואָס געפינט זיכ דאָ.

— פארוואָס־זשע האָט זיכ עס מיט דיר ניט געטראָפנ?—שרײַט מענ צו אים.

— פארגינסט נישט.

— ס'איז דיר א ווײטעק און א בושע.

איכ שווײַג. וואָס האָב איכ צו זאָגנ. מע רעדט שוינ פאר מיר.

— וואָסי?—זאָגט מאנדלבוימ אינ אונדזער וואָלקאָוו היצט אימ אונטער,—האָט ער יאָ געפרוווט די מאשינע. געפרוווט און געפרוווט, ביז ער איז צו עפעס געקומענ. און ווענג ניזשני, מאלע וואָס אינ נישזני.

מײלע, ס'איז אביסלע איבערגעטריבנ, און עפשער איז טאקע אזוי גאָר געווענ—איכ געדענק שוינ אלײנ ניט גוט.

— און דריטנס, לאָזט זיכ קארטונ ניט איבערשרײַענ, דארפ מענ נאָכ עפשער א טראכט טונ, צי קענענ מיר אײַנגײנ, אז 60 פלאטיראָווטשיקעס זאָלנ גײנ אפ דער בירזשע צוליב די אײַנגעפירטע מאשינעס. מ'דארפ נאָכ עפשער גאָר אָנפרעגנ אינ רײַקאָמ.

— פאר דער בירזשע זאָרג זיכ דו שוינ ניט, זאָגט טשאנ, מיט די איבערגעבליבענע וועלנ מיר זיכ שוינ אנ אײצע טאָנ.

— פארוואָס טאקע ניט אוועקשטעלנ אלע בא די מאשינעס, זאָגט ציטרינ. וואָ[illegible]? ס'איז קיינ סכוירע נישטאָ?

אונ טשאנ ענדיקט דעם געדאנק:

— ווארעמ אויב שאמיַ איז שוינ פאר מאשינעס, הייסט זיַינ קעגנ, ניט אנדערש ווי שעדיקעריַ.

איכ ווייס ניט, וואָס איכ זאָל טראכטנ וועגנ טשאנענ—צי מיינט ער וועגנ מיר גוטס, צי וויל ער מיכ ווידער א שטאָכ טאָנ. ניינ, דאכט זיכ, ס'איז ניט קיינ שטאָכ. ס'האלט איצט אינ צעכ ניט דערביַ — א סימענ — הערשל שאמיַ האָט מער ניט קיינ נויט זיכ צו שלאָגנ אונ הארגענענ פאר זיַינעמ א געדאנק — דער גאנצער צעכ מיט ציטרינענ אונ מיט טשאנענ אייַנעמ רייַדנ פאר אימ.

(פאָרזעצונג קומט)

ד. האָפשטיין

# פרילינג

* *
*

פון וואנען קומט ער אָן
דער פרילינגדיקער אָטעם?

ס'איז איצטער ווינציק מיר
דער צו גענויער וויסן,
אז ס'האָט די ערד
זיך צו דער זון
אביסל
נאָענטער געקערט...

איך ווייס נאָך ניט קיין מאָס
פאר מײַן באנײַטער שפּירונג,
איך ווייס נאָך ניט קיין וואָג
פאר שטראַלנדיקער צירונג,
וואָס
איך
פארמאָג,
וואָס הענגט ארום די ווענט
פון מײַן געביין,
נאָר איינס איז קלאָר:
פון אַלע מײַנע טונקעלע לאסטן
בין איך ריין.

נאָר איינס איז קלאָר:
איך בין באם אָנהייב ערשט
פון מײַן דערפילונג,
ס'איז אָנהייב יאָר,
ס'איז פרילינג!

* *
*

פרילינג, פרילינג!
אפ קאשטאנענ פרישע בליִונג
יעדער צווײַג מיט ליכט באצירט.
קוק דאָרט אויבנ,
קוק דאָ אונטער
אפ דעם אל, אפ דעם באזונדער,
אפ דעם קלאל אונ אפ די פראָטים.
אלץ איז איינפאכ,
אָנ כידושים אונ אָנ ווונדער!
פראָסט אונ פאָשעט אונ געוויינלעכ,
ווי די לופט אונ ווי דער אָטעם!

פרילינג, פרילינג!
אפ קאשטאנענ פרישע בליִונג,
יעדער צווײַג מיט ליכט באצירט.
איכ בינ הײַנט פילפאכיק מונטער,
ווײַל איכ ווייס, ווי אָט דער איינפאכ,
ווײַל איכ ווייס, ווי דער געוויינלעכ,
אונ דער אל אונ דער באזונדער
היט אפ יעדנ טריט א ווונדער
אונ אז יעדע פרישע ליכט
איז קאָמפליצירט.

איכ בינ הײַנט פילפאכיק מונטער,
ווײַל מײַנ בריט-צעצווײַגטער וויסנ,
ווײַל מײַנ טיפע הויכע שפּירונג
ניט פאר מיר, פאר מיר אליינ נאָר
איז א טײַער, טײַער צירונג,
נאָר אָנ אופהער האלט אינ פליסנ
אָט דער בריט-צעצווײַגטער וויסנ
אינ מײַנ ארבעט-לאנד דעם גרויסנ
אויכ פאר הונדערט-טויזנט—טויזנט,
אונ מײַנ יעדער פרישער ריר
אומעטום אונ דאָ אונ דאָרטנ
פריִער, שפעטער, איצטער, מאָרגנ
ווערט פילאָטעמדיק דערשפירט...

זיסקינד ליעוו

# דרײַ רײַטער

(א פראגמענט פון ראָמאַן: „דער אופשטאנד אינ שוויענטע־סארנע“)

עס איז שוינ געוועג פארנאכט, ווענ די דרײַ רײַטער זײַנעג ארויסגעריטנ פונ דעם דאָרפ גורא־ראָפּטשיצקא. דאָס גאנצע דאָרפ האָט זיי נאָכגעקוקט. צוערשט שטיל, מיט אופגעהויבענע קעפּ, מיט ארויסגעשטעלטע אויגנ. ס׳איז געווענ אינ דאָרפ א פאַרזאמלונג — שנעל צונויפגערופנ — די רײַטער זײַנענ געריטנ איבער די גאסנ אונ גערופנ צו דער פארזאמלונג.

גורא־ראָפּטשיצקא איז ניט גרויס. די מענטשנ זײַנענ זיך צונויפגעלאָפנ. רײַטער זײַנענ דאָ פונ שוויענטע־סארנע! קומט שכיינים הערנ!

יאָ. וואָס זונטיק איז געווענ דאָרט אינ שוויענטע־סארנע, האָט מענ דאָך שוינ געוווּסט. אונ פונ זונטיק ביז מיטוואָך האָט מענ ניט אופגעהערט צו ריידנ וועגנ דעם, וואָס אינ שוויענטע־סארנע איז געווענ. אונ צי איז דענ גורא־ראָפּטשיצקא א רײַך דאָרף? צי האָט דענ ניט גורא־ראָפּטשיצקא אָרעמע פויערים א קופּע אפּ א קופּע? אונ פונ קריג זײַנענ דאָך צוריקגעקומענ זעלנער! היי שכיינים, קומט הערנ! רײַטער זײַנענ דאָ פונ שוויענטע־סארנע!

וואָיטשעך האָט געלייענט פונ א פאפּיר. וולאדעק האָט גערעדט עטלעכע ווערטער. איצט רײַטנ זיי ארויס פונ דאָרף.

זעט ווי זיי רײַטנ! דער איינער הייסט וולאדעק. וולאדעק סקורעק, הייסט ער. צי איז דאָס דער, וואָס האָט זונטיק גערעדט? יאָ. דאָס איז דער, וואָס האָט זונטיק געשלאָגנ. ווענ טויזנט אזעלכע, וואָלטנ פריצים נים געווענ. מע דארפ ניט קיינ טויזנט, הונדערט זײַנענ גענוג. אָ, ס׳וועט זיך שוינ ניט אופהערנ, זאָג איך אײַך. ניינ, ס׳וועט זיך שוינ ניט אופהערנ, ווײַל דאָס איז ניט קיינ פײַער, וואָס ברענט איצט אפּ איינ אָרט. ניינ. אזא פײַער צעטראָגט זיך שנעל. דאָס זאָג איך אויך. אונ איך זאָג, אז ס׳וועט באלד ניט זײַנ קיינ איינציק דאָרף אינ גאנצ פוילנ, ווו דאָס פײַערל וועט ניט ברענענ. ווי האָט ער נאָר געלייענט? דער פונ פאפּיר: די אָרעמקײַט האָט ניט א וועלכער גאָט באשאפנ. די אָרעמקײַט האָט באשאפנ דער פּאנ, קעדיי ער זאָל האָבנ א לײַכט לעבנ. צי איז דאָס ניט עמעס? אוודע איז דאָס עמעס. עמעס! וואָס איז דאָס אזוינס דער פּאנ? אנ אנדער מענטש ווי מיר עפּשער? ניינ. ער איז דערזעלבער מענטש, וואָס מיר. אָבער ער איז א פּאנ! האָסט רעכט. אָבער פארוואָס איז ער א פּאנ? ווײַל ער פארשטייט וויאזוי אונדז אויסצונוצנ אונ אָנצופילנ זײַנ קעשענע מיט געלט. אָ, זעסט! גערעכט. אונ וויאזוי האָט ער נאָך געלייענט?

דער פונ פאפיר: גייט ניט צום מיליטער! לאָזט זיך ניט! פארטרײַבט די פאנעס! פארטיילט די פעלדער! אָ, זעסט! גערעכט. אונ נאָך וויאזוי גערעכט! אונ וויאזוי האָט געזאָגט דער? ווּלאדעק הייסט ער, ווּלאדעק סקורעק. ער האָט געזאָגט: די שטארקע זײַנען מיר! מע מוז זיך שלאָגנ אזוי לאנג, ביז ס'וועט אנדערש ווערנ... אזוי האָט ער געזאָגט? צי דו האָסט געהערט? יאָ יאָ אזוי האָט ער געזאָגט. גוט האָט ער געזאָגט! אונ נאָך וויאזוי גוט. מע מוז זיך שלאָגנ אזוי לאנג, ביז ס'וועט אנדערש ווערנ... גוט. אונ נאָך וויאזוי גוט! הורא! לאָזט אײַך זאָגנ כלאָפּעס, אז דאָס וועט אזוי לײַכט ניט צוגיינ... אָ, דו ביסט דאָס? בא דיר, אוואדע, בא דיר וועט עס אזוי לײַכט ניט צוגיינ. אונ צי דארפ ער דענ דאָס? ער האָט פעלד גענוג, ער איז רײַך. ניינ, ער דארפ עס ניט. אוואדע, פאר אים וועט דאָך נאָך שלעכטער ווערנ. ווארט, ווארט, זאָל ער זאָגנ פארוואָס דאָס וועט אזוי לײַכט ניט צוגיינ? זאָל ער זאָגנ! פארוואָס? ווײַל ס'איז דאָ מיליטער. אונ ווײַל מע וועט שיסנ... וואָס זאָגסטו? זאָג נאָכאמאָל... נא, האָסטו דערפאר... שלאָג אים ניט! וואָס שלאָגסטו, דו גיב אים! גיב אים פעסטער! אזוי... גוט! גוט! אזוי... זאָל ער לויפנ. לאָז אים לויפנ! ער האָט שוינ דאָס זײַניקע באקומענ. זעסט? וואָס פאר א הונט דאָס איז? דער פאנ טשעקעט אונ ער האווקעט אונטער. ווארט ווארט! מיר וועלנ זיך מיט אײַך אָפּרעכענענ! זעסט, ווי ער אנטלויפט? זעסט? העהעהעהע! — — —

עס איז שוינ געווענ טונקל, ווענ די דרײַ רײַטער זײַנענ צוגעריטנ צום דאָרפ ליפּיע, נאָר דער שנײַ האָט געלויכטנ—אונ די לעוואָנע האָט געלויכטנ.

א דאָרפ? ניינ. א גרויסער הויפ מיט שטאלנ אונ מיט הינערשטײַגנ, צווישנ א שטאל אונ א שטאל—א פּלויטל. צווישנ א פּלויטל אונ א פּלויטל—עטלעכעביימער. הויכע. צעוואקסענע. די שטאלנ אונ די הינערשטײַגנ זעט מענ קוים ארויס. דאָס גאנצע נעמט מענ ארום מיט איינ האנט.

— שטיי!—האָט ווּלאדעק באפוילנ.

מע איז געשטאנענ.

— אראָפּ פונ די פערד.

אראָפּ.

די פערד האָבנ געשוויצט. ווּלאדעק האָט אופגעשנאלט דעם זאָטל פונ זײַנ פערד. דאָס אייגענע האָבנ געטאָנ שימאָנ אונ וואָיטשעך. אונ וואָיטשעך איז געוואָרנ ריידעוודיק. ער האָט אָנגעהויבנ אזוי:

— ס'דאכט זיך מיר, אז איך בינ אינ קריג. יאָ, יאָ, אינ קריג. כאָטש איך בינ געווענ פריִער בא דער אינפאנטעריע, אָבער איצט בינ איך בא דער קאוואלעריע. נו, אירביידע זײַט דאָך פריִער אויך געווענ בא דער קאוואלעריע. ווייסט איר דאָך. איך זאָג, אז בא דער קאוואלעריע איז בעסער ווי בא דער אינפאנטעריע.

— וואָס פּלוידערסטו נארישקײַטנ?

— דו לאכסט? נו, נו, איך בלײַב בא מײַנעם. אונ איך זאָג נאָכאמאָל, אז בא דער קאוואלעריע איז בעסער.

— אָבער ווער דארפ דאָס ויסנ?

— אזוי? דו דארפסט עס ניט וויסנ? נו, גוט. ווײַל דו ווייסט עס שוינ. אָבער איך, ברודער, ווייס עס נאָך ניט. דאָס הייסט, ביז איצט האָב איך עס נאָך נאָך ניט געוווסט. אונ איצט—ווייס איך.

װלאַדעק האָט אים איבערגעריסן. ער האָט געזאָגט:

— איר בלײַבט דאָ בײדע באַ די פערד, איך גײ אין דאָרף אַרײַן.

װאָיטשעך האָט אים געכאַפּט:

— פאַרװאָס עפּעס אַלײן?

און װלאַדעק האָט געענטפערט:

— דאָס װעל איך דיר שפּעטער דערצײלן.

און ער איז געגאַנגען.

— לאָז אים טאָן, װאָס ער װיל,—האָט שימאָן געזאָגט.—איך געדענק נאָך זײַנע שטיקלעך פון אַלטע צײַטן. דו װײסט דאָך, אַז איך בין מיט אים געװען אין אײן רעגימענט.

— זאָל ער טאָן, װאָס ער װיל—האָט װאָיטשעך נאָכגעגעבן.—איך האָב דיר געװאָלט אָגן װעגן דער קאַװאַלעריע. דו לאַך ניט. איך מײן דאָס אַזױ. איצט װעט זיך דאָך אָנהױבן אַ מילכאָמע צװישן די פּױערים און די פּאַנעס. דאָס איז אַזױ זיכער, װי אײנס און אײנס איז צװײ. יאָ. איך האָב װעגן דעם גערעדט מיט װאַלענטין, און װאַלענטי האָט געזאָגט, אַז אַפילע ניט בלױז די פּױערים װעלן זיך שלאָגן מיט די פּאַנעס, נאָר אַפילע די אַרבעטער אין די גרױסע שטעט אױך. יאָ. אַזױ האָט געזאָגט װאַלענטי. דערפאַר מײן איך, אַז װײַל די אַרבעטער אין די גרױסע שטעט האָבן דאָך ניט קײן פערד דאָרט װו זײ זײַנען, װעלן מיר מוזן צושטעלן די קאַװאַלעריע. מיר, דאָס הײסט די פּױערים. מיר װעלן שױן פערד באַקומען. אָט האָבן מיר דאָך שױן הײַנט צװײ גרױסע שטאַלן מיט פערד װיפל האָבן מיר דאָרט? צװאַנציק צי דרײַסיק פערד?

— ע, ס׳װעט זײַן מער װי פערציק.

— און אין דאָרף האָבן מיר אױך עפּשער פערציק.

— ע, אַזױפיל ניט.

— זאָל זײַן דרײַסיק. זאָל זײַן צװאַנציק. װעלן מיר האָבן אַרום און אַרום זעכציק פערד. יעדעס דאָרף זעכציק פערד—דו, גוטער ברודער, װײסט װאָס דאָס הײסט?

— איך װײס. אָבער װו װעסטו נעמען געװער?

— מע דאַרף ניט קײן געװער. די קאַװאַלעריע דאַרף דאָס ניט.

— נאָר װאָס דען? װעסט שיסן מיטן דאָס?

ער האָט געװיזן מיט װאָס.

ביסט אַ נאַר, שימאָן. ביסט אַלײן געװען באַ דער קאַװאַלעריע און האָסט פאַרגעסן אַז אַ זעבל איז דאָס סאַמע װיכטיקסטע באַ דער — — —

— נו, און װו װעסטו נעמען אַזױפיל זעבלען?

— װו איך װעל נעמען? קאָסעס! קאָסעס, ברודערל, איז שלעכט? צוגעבונדן מיט אַ דראָט אין דער לענג פונעם דראָנג, און דו שנײַדסט, אַז ס׳גײט אַ רױך... אָ, זעסט? אײנס צװײ, אײנס צװײ—און די קעפּ פאַלן דיר װי די עפּל פון אַ בױם...

— ביסט עפּשער גערעכט.

— הע, צי איך בין גערעכט! װעסט זען. כ׳װעל רײדן מיט װלאַדעקן. איך זאָג — — —

װלאַדעק איז דערװײַל שױן געװען אין דאָרף. דאָס דאָרף האָט טונקל געשװיגן. בלױז אײנצלנע פענצטער זײַנען געװען קנאַפּ באַלױכטן. דער שנײ איז געלעגן הױך אױפן װעג און הױך אױף די דעכער. די לעװאָנע איז אַרומגעלאָפן צװישן קלײנע שטיקלעך װאָלקנדלעך. װלאַדעק איז געגאַנגען איבערן װעג. ער איז געבליבן שטײן. געשטאַנען שטיל. דערנאָך

איז ער געגאַנגען ווײַטער. ער האָט געעפֿנט אַ שמאָלע פֿאָרטקע, און איז צוגעגאַנגען צו אַ כאַטקע. אַ קלײנע כאַטקע. וואָלאָדקע האָט געקאָנט אַריבערקוקן איבערן דאַך. ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין פֿענצטער. אַ פֿענצטער—נישט אַסאַך גרעסער פֿון וואָלאָדקעס האַנט־פֿלאַך. ער האָט נאָכאַמאָל געגעבן אַ קלאַפּ אין פֿענצטער. אינעווייניק האָט זיך עמעצער געוועקט, געקרעכצט און געזאָגט:

— ער איז ניטאָ...

— ניטאָ? לאָז אַרײַן.

מע האָט זיך אינעווייניק אין דער כאַטקע ניט גערירט.

— לאָז אַרײַן...

שטיל.

וואָלאָדקע איז צוגעגאַנגען צו דער טיר. אַ ריס — די טיר איז געווען אָפֿן. ער איז אַרײַנגעגאַנגען. אין דער כאַטקע האָט ער אָנגעצונדן עטלעכע שוועבעלעך, איבערגעוואָרפֿן עטלעכע שמאַטעס, ער האָט דאָרט אונטערגעהייבן דעם אַלטן מיטן שטרויזאַק, און איז ווידער אַרויסגעגאַנגען.

ער איז אַרופֿגעגאַנגען אויפֿן וועג. געגאַנגען ווײַטער. צוויי שטיקלעך וואָלקנדלעך האָבן צעקוועטש די לעוואָנע. ער איז אַרײַן אין אַ שמאָל זײַטיק געסל. געגאַנגען — געבליבן שטיין פֿאַר אַ גרעסערער כאַטע. די איינציקע גרעסערע כאַטע אין דאָרף. דאָרט איז דאָס פֿענצטער געווען באַלויכטן: לעבן פֿענצטער איז געשטאַנען אַ טיש, אויפֿן טיש אַ לאָמפּ. פֿון וועג אויס האָט וואָלאָדקע געזען, אַז ער איז דאָרט. ער זיצט בײַם טיש. און בײַם טיש זיצט אויך דער באַלעבאָס מאַטייקאָ ווערובעל—אַ קלײנער, אַ ברייטער. און אַ כוץ דער נאָז זעט מען פֿון פּאָנעם גאָרניט ניט אַרויס. די נאָז פּאָכעט ווי אַ פֿעכער, זי ציט זיך אַרויף און אַראָפּ, ווי אַזאַ פּיסקל פֿון אַ כײַע, וואָס הערט ניט אויף צו ניוכען אַרום זיך און וויל אַלצדינג אַרײַנשלינגען.

... נו גוט. איך וועל דיר געבן אַ פּלעם איבער דער טראָמבע, וועסטו ניט מער ניוכען. און בראָנפֿן שטייט אַ פֿולע פֿלאַש אויפֿן טיש. מע ברידערט זיך... נאָר דו וועסט מיך ניט פֿאַרקויפֿן, כאָליערע...

וואָלאָדקע איז אַרײַנגעגאַנגען אין דער כאַטע. ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און אַריבערגעשפּרײַזט איין טיר, געמאַכט צוויי שריט אין דער טונקעלער קאַמער, און אַרי־בערגעשפּרײַזט די צווייטע טיר. ער איז געבליבן שטיין. אַ יונג, גרויס און ברייט ווי וואָלאָדקע, איז אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש. ער האָט געפֿינטלט מיט די אויגן, געלעקט מיט די ליפּן, און מיט דער האַנט האָט ער געווישט איבערן מויל. וואָלאָדקע האָט געזאָגט:

— זונטיק ביסטו ניט געקומען. מאָנטיק ביסטו געלעגן קראַנק אין בעט. און הײַנט— — —

— דו האָסט פֿאַרגעסן צו פֿאַרמאַכן די טיר.— האָט געזאָגט דער באַלעבאָס.

— דו, ווען איך רייד, זײַ דו שטיל...

— הײַנט איז ווינטער — — —

— שטיל!... און הײַנט טרינקסטו בראָנפֿן מיט דעם־אָ? דער־אָ, דער איז זונטיק געווען דאָרט, אין שוויענטען־סאַרנע. דערנאָך איז ער אַנטלאָפֿן... זאָג, האָסט פֿאַרקויפֿט דאָס מאַשין־געווער דעם־אָ?...

דער יונג בײַם טיש האָט אויפֿגעהערט צו פֿינטלען, צו לעקן, ער איז געוואָרן שטײַף אויסגעצויגן. זײַן פּאָנעם איז געוואָרן רויט ווי פֿײַער. דער באַלעבאָס מאַטייקאָ ווערובעל און די אַנדערע שטוב־מענטשן, וואָס זײַנען געזעסן לינקס בײַם אויוון, זײַנען געוואָרן

בלייב. זיי האָבן געציטערט. פון הינטער דעם טיש איז אפּירגעקראָכן א הונט. ער איז גע־בליבן שטיין אינמיטן שטוב, צווישן וולאדעקן און דעם יונג באַם טיש.

דער יונג באַם טיש האָט געזאָגט:

— דאָס מאַשינ־געווער... צי ס'געהערט נאָר דיר אליין?

וולאדעק האָט געענטפערט:

— ניט מיר אליין. נאָר איצט דארף איך עס האָבן.

— דו וועסט עס ניט האָבן...

— דאָס מאַשינ־געווער וועסטו געבן — אָדער איך וועל דיך דערהארגענען...

דער יונג באַם טיש האָט געצויגן פון קעשענע א מעסער. ער איז געשטאַנען שטיל. וולאדעק איז געשטאַנען מיט די הענט אראָפּגעלאָזט. דעם רעוואָלווער האָט ער געהאַט אין דער קעשענע.

אזוי זײַנען זיי ביידע געשטאַנען. א מינוט. צוויי. אין שטוב איז געווען שטיל. דערנאָך האָט וולאדעק געזאָגט:

— הער ברודער, אין מײַן קעשענע איז א רעוואָלווער. אין דײַן האַנט א מעסער. מיר ביידע וועלן זיך אָפּקוילן. נו, גוט. אָבער די אָרעמע כלאָפּעס דאַרפֿן האָבן דאָס מאַשינ־געווער.

— כ'וועל ניט געבן, — האָט געענטפערט דער יונג באַם טיש, האַרט ווי א שטיין.

— לאָמיך דיר זאָגן. די בידע איז דאָך מײַנע ווי דײַנע. ביידע זײַנען מיר ניט קיין פּאַנעס. אין שוויענטע־סארנע האָט זיך די בידע צעבונטעוועט. און די אנדערע דערפער אויך. זיי דאַרפֿן האָבן דאָס מאַשינ־געווער.

— כ'וועל נישט געבן...

און וולאדעק האָט נאָך אלץ געפּרוּווט:

— זאָגן מיר, דער־אָ וועט דיר געבן אביסל געלט. נו, וואָס קאָן דאָס שוין זײַן? א וואָך, צוויי — און וועסט עס ניט האָבן. אָבער מיט דעם מאַשינ־געווער העלפסטו דיר, מיר און אזויפיל מענטשן — — —

שטיל...

— מיכאל, דערמאָן דיך, געווען אין קריג. ניט געהארגעט געוואָרן. אָנדערהאַלבן יאָר זיך געוואַלגערט אין די וועלדער. איך און דו. ווי א ברודער מיט א ברודער. געגעסן ניט בעגעסן. געשלאָפן ניט געשלאָפן. און מיר זײַנען אהיימגעקומען. געשלעפּט מיט זיך א מאַשינ־געווער, האַלב איך, האַלב דו. געטראַכט, איינמאָל וועט מען עס דאַרפֿן האָבן. דו, מיכאל. און איצט דאַרפֿן עס מענטשן האָבן ווי נאָך קיינמאָל ניט. דאָס פאָלק גייט זיך שלאָגן פאַר ברויט. פאַר ברויט! מיכאל... און דו גייסט דיך פאַרקויפן פאַר געלט?

שטיל...

וולאדעקס אויגן זײַנען ארומגעגאַנגען איבער דער שטוב — — —

און באַלד האָט מען נאָך אין דער שטוב נאָר ג׳הערט וולאדעקס אַן איינציקן אויסרוף:

עכ! דו... און צוויי מענטשן־ריזן האָבן זיך צונויפגעשטויסן ווי צוויי לאָקאָמאָטיוון אין ווילדן געלויף...

דער הונט איז אַוועקגעשפּרונגען אַפּ דער זײַט. ער האָט אַרויסגעלאָזט א ביין בילן אזוי ווי עמעצער וואָלט אים אָנגעטרעטן אַפּ א פוס און ער איז שטיל געוואָרן. דער ווײַדל אראָפּגעלאָזט. די צונג אַרויסגעהאַנגען.

דער באלעבאָס מאטייקע וורובעל איז אוועקגעשפרונגענ אינ א ווינקל. ער האָט זיכ צוגעהאלטנ מיט א האנט די אויגנ. די אנדערע שטוב־מענטשנ האָבנ זיכ קוים צוגעשארט אינ אנ אנדער ווינקל. זיי זײַנענ אלע געווענ שטיל ווי די מײַזלעכ.

... אינ דער מיט שטוב זײַנענ געשטאנענ צוויי שטאָלענע בעלקעס — ארײַנגעפרעסט איינער אינ אנדערנ—צונויפגעפלאָכטנ מיט פיר הענט. די אויסגעבויגענע געלענקענ זײַנענ אוועקגעשטאנענ. אינ איינ האנט האָט געבלישטשעט א שמאָל לאנג מעסער. איינ מינוט פויזע...

דערנאָכ האָבנ זיכ די געלענקענ געבויגנ.

שווער.

פאמעלעכ.

רעכטס.

לינקס.

ארופ.

אראָפ.

אזוי ווי מע בויגט פירקאנטיקע אײַזערנע שטאבעס.

די שטאָלענע בעלקעס האָבנ זיכ ניט גערירט פונ אָרט. גלײַכ זיי וואָלטנ געווענ אײַנגעצעמענטירט אינ די פונדאמענטנ. נאָר די פיר געלענקענ האָבנ זיכ געבויגנ. אונ ווידער איינ מינוט פויזע...

דער הונט גייט צו, גיט א ניוכע—אונ שפרינגט אוועק.

פלוצים האָט זיכ איינ האנט ארויסגעריסנ. זי האָט א פאָכ געטאָנ איבער דער שטוב ווי מיט א זעבל, אונ געבליבנ שטיינ הויכ אופגעשטעלט. א צווייטע האנט האָט זיכ אינ דער ערשטער ארײַנגעגראָבנ. ביידע הענט זײַנענ געווענ געשטרעקט צום באלקנ. הארט באמ ווײַס־געקאלכטנ באלקנ האָט געבלישטשעט דאָס מעסער.

קיינ וואָרט.

קיינ הויכ אָטעמענ.

קיינ באוועגנ זיכ.

שטיל...

נאָר אָט רירנ זיכ די בעלקעס. זיי רירנ זיכ קוים, קוים—אונ גיבנ זיכ א וואקל...

דאָס אויג האָט ניט געכאפט וואָס ס'איז געשענ. דער לאָמפּ אפנ טיש איז צעבראָכנ געוואָרנ אונ ס'איז טונקל.

דער הונט האווקעט שנעל צוויי מאָל—אונ רײַסט איבער.

פונ די צוויי שטוב־ווינקלענ, האָבנ זיכ ארויסגעריסנ צוויי דינע דערשראָקענע קוויטשנ.

דערנאָכ איז שטיל געוואָרנ...

א שווער אָטעמענ צעטראָגט זיכ איבער דער שטוב. דער טיש קרעכצט אונ לאָזט זיכ פאוואָליע אראָפ אפ דער פאָדלאָגע.

דאָס אָטעמענ ווערט שווערער, קירצער—אונ מיט איינמאָל הערט עס אופ...

דער הונט האווקעט צוויי מאָל.

נאָר פלוצים גיט זיכ פונ דער ערד עפּעס א הויב אופ—גרויס, שאָטנדיק, שווער—אונ אונ ס'פאלט צוריק אראָפ אפ דער פאָדלאָגע...

די כאטע ציטערט. גלײַך דער באלקן מיטן דאך וואָלטן אראָפּגעפאלן. דאָס כאזערט זיך אזוי איבער נאָך צוויי מאָל—שנעל איינמאָל נאָכן אנדערן. דאָס גרויסע שאָטנדיק שווערע גיט זיך פון דער פּאָדלאָגע א הייב אוף—און פאלט צוריק. צוויי מאָל אזוי...

דערנאָך הערט זיך א שווער, הויך אופּאָטעמען—און ס'ווערט שטיל. ביז גאָר שטיל — — דער הונט וויינט...

---

— — — און איך זאָג, אז די קאוואלעריע וועט אין איצטיקן קריג צעקלאפּן די פּריצים. קיינער ניט, נאָר די קאַוואלעריע. און ווען מע וואָלט נאָך געקאָנט אונטערצינדן די פּאנסקע פּאלאצן, ע! — דעמלט וואָלט געפלויגן. די קאוואלעריע פון איין פּאלאץ צום אנדערן, און נאָר אזוי—הוש, הוש, הוש—און סע שטשערן ארויס די רויטע ציינ אין אלע עקן פון פּוילן. ע! ווען דאָס וואָלט מען געקאָנט טאָן...

— און פארוואָס קאָן מען דאָס ניט טאָן?

— ניין, מע קאָן ניט. וואלענטי הייסט ניט. ווײַל וואלענטי האָט געזאָגט, צו וואָס פארניכטן, ווען אלץ וועט אונדז געהערן?

— און עפּשער איז וואלענטי גערעכט?

— ע, צי ער איז גערעכט? איך זאָג דיר, שימאָן, ווי דו קאָנסט מיך שוין, אפּ אים, אפּ וואלענטין, קאָנסטו דיך גוט פארלאָזן. ער, פּאניע בראטשע, האָט פאר אלץ א קאָפּ, וואָס מיר האָבן דאָס ניט. זײַן קאָפּ איז געווען אפּ דער רעוואָליוציע. דאָרט אפּ דער דר־טישער רעוואָליוציע. פארשטייסט? און דאָרט ברודער, איז שוין געווען פון וואָס צו לערנען. העהע! ווען איז דאָס געווען? הײַנט אָדער נעכטן? ניין, נעכטן איז דאָס געווען, בא מאלאנען אין שטוב. האָסט פארגעסן? אינדערפרי, דו ביסט דאָך געווען דאָרט. ווי שיין וואלענטי האָט דאָס דערציילט? וואָס האָט ער געזאָגט? די רעוואָליוציע האָט ער געזאָגט, דאָרט אין רוס־לאנד, די רעוואָליוציע, איז געווען פון איין זײַט א בייזער טאטע, און פון דער צווייטער זײַט ווי א גוטע מאמע. ווער סע האָט פארדינט—דעם האָט זי געשמיסן, און ווידער ווער ס'האָט אנדערש פארדינט — דעם האָט זי געגלעט און געקושט. די רעוואָליוציע העהע! זי האָט שוין געוווסט וואָס זי טוט! זי האָט צונויפגערופן אלע מענטשן, און זי האָט צו זיי געזאָגט אזוי: דו קום אהער, ווער ביסטו? אהא! דו ביסט דער און דער—לייג דיך... און ווידער צו א צווייטן: קום אהער, זון מײַנער, קלאפּ! הענט האָסטו געזונטע — קלאפּ... צי דו האָסט ניט געהערט, ווי וואלענטי האָט דאָס אזוי שיין דערציילט?

— זאָג מיר, וואָיטשעכקו, איך קלער איצט ארײַן, וואָס טוט וולאדעק אזוי לאנג אג דעם דאָרף? דאָס דאָרף איז גרויס א שפאן, און ער זוימט זיך, און זוימט זיך.

— אהא! דו האָסט דאָך געזאָגט, מע זאָל אים לאָזן אליין גיין?

— כ'האָב געזאָגט. ווײַל כ'וועל דיר זאָגן דעם גאנצן עמעס. געטראכט האָב איך מיר, ער האָט דאָרט א מיידל. דו ווייסט דאָך, אז מיט יורגאס טאָכטער גייט ער ניט? אפילע ניט אָנקוקן וויל ער זי. נו, האָב איך מיר געזאָגט, האָסט דיר דאָ א מיידל? גיי צו דײַן מיידל. וואָס האָב איך צו טאָן דערבײַ?

— גוט,—האָט זיך וואָיטשעך אָנגערופן—א מיידל ווי א מיידל. אָבער איצט איז ניטאָ קיין צײַט צו קיין מיידלעך. און איך בין דען געווען יענע נאכט בא מײַן מארגאָשען? און הײַנטיקע נאכט וועל איך דען זײַן?

— ווארט, וואָיטשעך, מיר וועלן גאָרנישט ריידן, ווײַל מירוויסן ניט וואָס. ווײַל, נא־

פשיקלאַד, עפשער איז ער ניט געגאַנגען צו קיין מיידל? עפשער האָט ער גאָרניט קיין מיידל דאָ אין דעם דאָרף? בעסער ניט זאָגן גאָרנישט, בעסער שווײַגן.

און זיי האָבן געשוויגן, די נאַכט האָט געשוויגן, און זיי האָבן אַרופגעקוקט אפן הימל.

די לעוואָנע איז בעלאָפן, א קליין וואָלקנדל איז איר נאָכגעלאָפן, נאָר עס איז איר געלונגען צו אנטלויפן, דער גרויסער לעוואָנע, איז איר אָבער אַקעגנגעשווומען אן אנדער וואָלקנדל. אזא ווי א קליין בײַכיק פישל. און איידער זי האָט זיך רעכט אומגעקוקט, די גרויסע לעוואָנע, האָט איר דאָס קליינע בײַכיקע פישל צוגעדעקט דאָס פּאָנעם.

נאָר די פערד זײַנען ניט געשטאַנען שטיל. זיי האָבן געקאָפּעט מיט די פיס אין שניי און זיי האָבן געוואָרפן מיט די קעפּ. זיי זײַנען שוין געווען הונגעריק. פאַנסקע פערד — זיי זײַנען געוווינט גוט צו עסן. און דאָ האַלט מען זיי אָפּ מער פון א האַלבן טאָג און צו עסן גיט מען ניט. וואָס איז דאָס פאַר אן אָנשיקעניש? מער פון א האַלבן טאָג איז מען מיט זיי אַרומגעריטן, אין גאַלאָפּ איז מען געריטן, פון איין דאָרף אַרויס — אין צווייטן אַרײַן. קוים אביסל אָפּגעדעכעט און שוין ווײַטער געטריבן. און זיי זײַנען גאָרניט קיין רײַטפערד! זיי קאָנען שלעפּן שווערע לאַסט־וועגן, זיי קאָנען אַקערן אין פעלד. אָבער לויפן מיט רײַטער איז ניט זייער פאַך... און דאָ ערשט לאָזט מען זיי שטיין באַנאַכט אזוי לאַנג איינגדרויסן, און עסן גיט מען ניט. — עסן! פפררררר...

— שטיי! דו, האָסטו ניט קיין צײַט?

אזוי האָט שימאָן אָפּ זיי אָנגעשריִען.

און וואָיטשעכן איז גראָד איצט אײַנגעפאַלן זיי אַרײַנצוקוקן אין די ציין. ער האָט איינעם און דעם צווייטן א נעם געטאָן בא די נאָזלעכער און באַם אונטערשטן טייל פיסק — און ס'האָבן זיך באַוויזן גרויסע געזונטע ווײַסע ציין. וואָיטשעך האָט געזאָגט:

— די פערד וועלן אויסהאַלטן.

דעמלט האָט מען דערזען א לאַנגן שאָטן אפן וועג. דער שאָטן האָט זיך פּאַמעלעך גערוקט איבערן שניי. צי איז דאָס וולאַדעק? און עפשער איז דאָס וולאַדעק? פאַרוואָס גייט ער אזוי פּאַמעלעך?

יאָ. ס'איז געווען וולאַדעק. אפּביידע אַקסלען האָט ער געטראָגן עפּעס שווערס. ער איז פּאַמעלעך צוגעקומען און ער האָט געזאָגט:

— אופזיצן!

שימאָן און וואָיטשעך האָבן באַלד דערקאָנט וואָס זאָס איז. זיי האָבן ביידע ברייט געשמייכלט און זיי זײַנען אַרופ אפּ די פערד. די זאָטלען האָבן זיי שוין פריִער געהאַט צוגעשנאַלט. וולאַדעק האָט אַראָפּגענומען די שווערע שטיקער פון די אַקסלען. ער האָט יעדן דערלאַנגט א טייל, אפּ זײַן פערד האָט ער אַרופגעלייגט די גורטן מיט די פּאַטראָנען, און ער איז אופגעריטן. וואָיטשעך האָט געפרעגט:

— ווו האָסטו דאָס גענומען וולאַדקו?

וולאַדעק האָט געענטפערט:

— ווּעסט שוין געוואָר ווערן.

— געפאָרן!

זיי האָבן אויסגעדרייט די פערד, און אַלע דרײַ אינדערברייט זײַנען געריטן ווײַטער-

ב. אָליעווסקי

# וואָראָנאָוו, דער סעקרעטאר פונ פארטיי-קעמערל

(פונ דער פּאָעמע „שאכטע“).

א גרינ־ארמייִשער צעלאָזטער פרענטש,
אנ אלטע היטל נאָכ א לעדערנע א שווארצע,
אלצ האָט איצט געזאָגט, אז אָט דעם מענטשנ
איז אָנגעזאָלעט זייער אפנ הארצנ.

אָנגעזאָלעט, נימעס אונ פארמאטערט
סע גייט דער קאָפּ—א שווינדלענדיקע ראָד,
סע שלאָפּט די פרוי.
ס'איז אויכ מיסטאָמע קאטיע
ניט לאנג אהער ארײַנ פונעמ זאוואָד.

שוינ דרײַצנ יאָר—זיי האָבנ זיכ באקאָנט
געארבעט דאנ אינ שטאב פונ זײַנ דיוויזיע.
צוזאמענ אויסגעוועג אונ דורכגעמאכט דעם פראָנט
ציגײַנערס צוויי—פונ דאָנ אונ ביז קירגיזיע.

צופוס, אינ פּאָיעזדנ, אינ זאָטלענ אונ טאטשאנקעס,
זי איז אלט געווענ איינגאנצנ צוואנציק יאָר;
ער—א דרײַסיקער, א שלאָסער א לוגאנסקער
א „סטרעלאָטשניק“, א סטאָראָזש, א שאכטיאָר...

אינ רויכ, אינ פראָנט, אינ ווינטער אונ אינ שלאכטנ—
מעטעליצעס,
טעפּלושקעס,
עשאלאָנענ...

דאָס זעקסטע יאָר זיי זיצן בא דער שאַכטע,
נאָר ס'דוכט זיך אַלץ—ער פאָרט נאָך אין וואַגאָן.

ער פאָרט און פאָרט—
סע פלאַקערן די קריגן...
און נאָר זײַן ייִנגעלע—סע רוט איצטער בעשאָלעם.
סע שלאָפט די פרוי. סע לאַכט דאָס קינד אין וויגל,
ווי עפּעס פרײלעכס וואָלט זיך דעם געכאָלעמט...

... ער וועט ניט וועקן זי, ער טוט די קורטקע אויס.
רוקט צו די טיי. טרינקט אָפּעט א פּאָר רענעס.
דער שאָטן אפ דער וואַנט—א מעשוגענער, א גרויסער
מאַכט נאָך זײַנע באַוועגונגען.

סע קלאַפּט דאָס „כאָדיקל"—און ערגעץ זייער ווײַט
סע טרײַבט די צײַט די אומעטיקע שאָף.
ער זעצט זיך צו. א פּעקל פרישע צײַטונגען
א לייען טאָג—ווי שטענדיק פאַרן שלאָף.

א טיש. א לאָמפּ. א גרינע ראָד פון ליכט.
אין צײַטונג אָפּגעדרוקט פון שאַכטע א באַריכט.
די לעצטע צײַטונגען דאָס אויג דערפּרייען
לייען
לייען
לייען:

אין דור, אועלס—סע ליגן בערג מיט שטיינ.
א הונגער־מאַרש פון אַרבעטער אין קאָוונע.
שאַכטיאָרן שטרײַקן אין דאָמבראָווע אין באַסיינ.
אין עסטרײַך לעשט מען הײַנט די לעצטע דאָמנעס...

ער הויבט זיך אוף—
ס'איז גוט אזוי! ס'איז גוט!
אזוי... אזוי!—מיר שטײַגן זיי אריבער
די לעצטע דאָמנעס שוין—
דער רויטער ווינט!
ער קוקט זיך צו—סע לאַכט דאָס קינד אין וויגל
און פרײלעכס, פרײלעכס כאָלעמט זיך דעם קינד.

— סע לאַכט דאָס קינד! ס'וועט ווערן, קאַטיא, גוט!
דו שלאָפסט?—טו שלאָף—מײַן קליינינקע, מײַן שענסטע!

ס'איז שפעט. ס'איז נאכט. דער הימל איז אין בלוט
דער רויטער הימל שלאָגט זיך אינעם פענצטער.

סע קלאפט דער „שוואַר". סע גיט א קלאפ דער לאַדן,
סע גיט א זעץ אין שויב מיט הענגענדיקע כמארעס
מיט רויך—מיט פייער פון זאוואָדן
מיט גראָוער הודעניש, מיט רעדער פארע.

ער זעט די שאכטע איצט—די שאכטע רוט ניט!
איר ווייטע ליכט זיך, וויגט אף וואַראַנאָווג.
דורך נאכט און גרענעצן—זעט ער אזוי גוט
די טויטע קאַרפוסן—די שטומע, די דאָמבראָווער...

— וואָס שווייגן זיי? וואָס הויבן זיי ניט אָן?
היי רורער און אוועלסער—און פון שאכטעס!
ווו זיַנט איר איצטער וועבער פון ליאָן
און אופשטענדלער איר יונגע—די מאַנמארטער?

מאַנמארטער און טולוזער און פאריזשער
ארבעטער פון רור און פון טורינגיע
מיט אייך צו גיין—מיט אייך צום קאָמוניזם
איז דאָך אָנגעקומען, ברידער מיינע, גרינגער!..

אין צימער הערט זיך קוים דער ווייטער שאכטע-ליארעם
דורך דעכער זעען זיך די קאָפּרען פון די שאכטעס,
מיט אויגן-פענצטערלעך—באראקעס און קאזארמעס
קוקן איצטער ליכטיקע, פארטראכטע.
סע שטייען אוף אין ייִשעוו שוין די וואכטעס
פון ערגעץ הערט זיך שוין צעצויגן דער הודאָק.

מע לאָזט זיך פאַרלעכווייַז און איינציקווייַז—אליין.
דערוויַל איז שטיל. ווי שטענדיק פארן טאָג
א בלאָווע טונקלעניש דעקט איינעט דעם באסיין.

ער טוט זיך אָן. דרייט אויס אין לאָמפּ די ליכט.
צי ס'קלאפט דער בלעך, צי ס'פייפט אזוי דער ווינט!
סע שלאָפט דאָס ייִנגעלע—סע שמייכלט דער געזיכט
און עפּעס פרייִלעכס כאָלעמט זיך דעם קינד.

אין סטעפּ איז נאכט, ער לאָזט אין סטעפּ זיך גיין.
ער זעט איצט גוט די הויכע קאָפּער-שפיצן,
פּאַראָדע-בערג—די רויכערדיקע „גלייען"

און שאכטע־קאָרפוסן געדעקט מיט טשערעפּיצע;
סע דעקט א כמארע אָפּ א קוטשע ווײַסע שטערן
און זיי באווײַזן זיך און בלײַבן ניט אין נאכט,
ער קוקט א ווײַלע נאָך—צוויי ליכטיקע לאמטערנס
דער הויפּ—
די שאכטע.

אין הויז פון הייב־מאשין אין ציכטיקײַט אין שטילער
דער אלטער מאשיניסט א גרויער ווי קאלינין,
פארוקנדיק אפן שטערן די דראָטענע צוויי ברילן,
האָט אָנגעגאָסן פונקט דעם אייל אין דער מאשין.

מאשין האָט א צופרידענע, א זאטע שוין געהוקעט,
סיגנאלן האָבן אָפּגעשײַנט מיט רויִקײַט מיט בלאָווער
— וואָס טוט איר,
אזוי שפּעט דאָ, וואָראָנאָוו?

— פארגעסן אלטיטשקער? נו הודע דעם אליארעם.
— הודקא דאיאָש! — אזוי — מע זאָל דערהערן!
אזוי איצט, אלטיטשקער—ס׳זאָל ווערן ווארעם
דעם הימל און די שטערן.

דאיאָש הודקא! נו גיב! — שרײַט וואָראָנאָוו—
און די סירענע האָט געגעבן אזא לישע—
דער הודאָק האָט אָנגעהויבן הייזעריק און גראָב
דורך געסלעך ליימענע,
דורך אלטן שאכטע־ייִשעוו,

דורך סטעפּ באנאכטיקן סע טראָגט זיך דער אליארעם
און וואָיעט לאנג, און וואָיעט אויסגעצויגן,
די גאַנצע גאס מיט שטיינערנע קאזארמעס
עפנט אוף פירעקיכעק די אויגן.

א — הו — א — הו —
סע הודעט איצט און הודעט
באראקעס שטייען אוף און רודערן און קלאָרן,
דורך געסלעך נידריקע, דורך ליימיקע און ברודיקע
לאָזן זיך די פארטיעס שאכטיאָרן.

לייזער קאַצאָוויטש

# מיניאַטיורן

(פון בוך „הומאָרעסקעס")

## אַן איינוניינציקער

ראָכעלייעס בעהיימע איז געקומען פון פעלד אַן אָנגעפּיטערטע, מיט פולע זאַפטיקע אײַטער און איז גײַוועדיק געגאַנגען אין שטאַל, מאַלעגיירענדיק אָן אויפהער. אַפן וועג האָט זי צעטריבן אַ סטײַע הינער, ענטלעך, ענדיקעס און האָט מיט איר עק אַ שמיר געטאָן איבער זיאַמקעס צעפינטלטן געזיכט.

זיאַמקע, ראָכעלייעס איינוניינציקער יינגל, האָט מיט ליבע צוגעפּאַטשט דער בעהיימע זאיבער איר זאַטן בויך.

— גיי, קראַסולקע, גיי...

און ער איז אַפּגיך געלאָפן אָפּטראָגן דעם עמער מיט דעם כאַזערס וועטשערע צו דער קליינער קאָרעטע נעבן גאַניק, ווו עס איז געשטאַנען דער ווײַסער כאַזערל און האָט געשנאָרכעט מיט זײַן כאַזערשן פּלאַטשיקן נאָז אַרום ראָכעלייעס פיס.

דער גאַנצער באַלעבאָס אין הויף איז זיאַמקע. באַטאָג אַרבעט ער אַפן פעלד מיט אַלע קאָלווירטניקעס גלײַך. אײַנאָוונט זעט ער צו די בעהיימע, דעם כאַזער און די אויפעס. ער שטעקעוועט אָן גראָז, ער מאַכט דעם צובער, ער גיט אַכטונג אַפּ דעם גאָרטן, קלײַבט אַרויס די גרינס. אַזוי ביז שפּעט אין אָוונט, ווען עס פאַרקײַקלט זיך די קופּערנע זון אַהינטער דעם סאָסנע־וואַלד, ווען דער הויף ווערט באַפּײַכט מיט אַן אָוונט־טוי, און איבער דעם ברייטן צעבליטן אַרום, ווי דער אָנגרונטיקער הימל, איבער קאָלווירטישע פעלדער, ווערט צעשפּרייט אַ צעצויגענער געזאַנג פון פויערטעס.

קומענדיק פון פעלד האָט זיך ראָכעלייע אָפּגעשטעלט באַם גאַניק, אַ ווײַלע פאַרברענגען מיט ביילען, דעם געוועזענעם באַלעגאָלעס ווײַב.ביידע עלטערע פרויען זײַנען אַקטיווע קאָלווירטניצעס. ניט לאַנג, דאַכט זיך, האָבן זיי נאָך געבענטשט ליכט אין אַזוינע פרײַטיק־אַפּדערנאַכטן, געגאַנגען אין שול, געגאָסן טרערן יאָמקיפּער און געפאַסט. הײַנט זײַנען זיי די ערשטע אַפן פעלד. זיי האָבן אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם סיידער פון די טעג.

— ער איז באַ אײַך אַן איינוניינציקער, אָבער אַ געראָטענער, — האָט ביילע געשמייכלט.

— ער וואָלט זיך נאָר אַזוי ניט אײַנגעמורזעט...

— אַ דײַגע, ס'איז נאָך געזינטער... וואָס איז באַ אים אַפן עווער, — האָט ביילע באַמערקט.

— אָפּגעצאַראַפּעט ערגעץ, ווײַזט אויס... האָט ראָכעלײַע א קוועטש געטאָנ מיט די פלײצעס, — ער איז דאָך אומעטום פול, דער מײַדעם... זי האָט אים א גלעט געטאָנ איבערנ קאָפּ.

ביילע האָט אָפּגעזיפצט.

— ביזוואַנען מע האָדעוועט אויס... האָט מענ עס אויסצושטיינ... מיר דאַכט, אז ער איז כווישעכלעך בא אײַך...

— איצטער זעט ער שוינ גוט אויס...— האָט ראָכעלײַע געשמײכלט, — געדאַרפט אים זענ פריִער, בעשאַס דעם איבערגאַנג, ניט הײַנט געדאַכט, ער האָט ;פּ ב קיינ אָרט ניט געפונענ, איך האָב געמיינט, אז עס איז שוינ נאָ. אים...

— נו, זאָל ער זיך בא אײַך האָדעווענ אָנ צאַר. איך וועל גיינ א קוק טאָנ צו מײַנעם...

אפ דעם האָט זיך געענדיקט זײער געשפרעך וועגנ ווײַסנ כאַזערל, וועלכער האָט שוינ געענדיקט עסנ זײַנ אָוונט-ברויט אונ איז אוועק כרושטשענדיק אינ שטאַל.

---

## פאַרקירצט

אינ מײַנ אַנשטאַלט, ווו איך אַרבעט, איז די פאַרקירצונג פונ אַפּאַראַט דורכגעפירט געוואָרנ ניט אפ קיינ ריכטיקנ אויפנ. די, וואָס מע האָט געדאַרפט פאַרקירצנ, זײַנעג צוליב אייניקע סיבעס, וואָס דער פאַרוואַלטער האַלט בעסאָד — פאַרבליבנ. פאַרקירצט האָט מענ אַזוינע, וועלכע זײַנעג נייטיק אפ דער אַרבעט. איך האָב וועגנ דעם פאַקט אָנגעשריבנ אנ אַרטיקל אונ אַוועקגעטראָגנ אינ דער רעדאַקציע.

דאָרטנ איז מיר אויסגעקומענ צוואַרטנ אביסל ביז ס'וועט קומענ דער מיטאַרבעטער, וועמענ איך דאַרפ אָפּגעבנ דעם אַרטיקל.

איך האָב אַלצ געטראַכט וועגנ צו-גרויסע שטאַטנ. מיר האָט זיך גענומענ דאַכטנ, אז אויך אינ רעדאַקציע זיצנ צופיל מיטאַרבעטער, דערווײַל האָב איך דערהערט א געשפרעך פונ רעדאַקטערס קאַבינעט:

— אַלצ וואָלט בא אײַך געווענ גוט, — האָט א שטרענגע שטימ געזאָגט, — נאָר בא אײַך איז צופיל מענטשנ.

— איז דאָס א כיסאָרנ נאָך אײַער מיינונג? — האָט דערווידערט א צווייטע שטימ.

— ווי רעכנט איר? אויב מענטשנ זענג אויס ווי מאַנעקענעג, אויב זיי טוענ גאָרנישט, טויג עס אפ צעג קאַפּאָרעס, — האָט די שטרענגע שטימ געטײַנעט, — איך הייס אײַך זיי אַרויסוואַרפנ אונ איבערלאָזנ געציילטע עטלעכע מענטשנ, וועלכע זאָלנ זײַנ לעבעדיקע, פאַרטיפטע, עס זאָל טאַקע בעמעס איבערצײַגנ, אז זיי זײַנעג אַקטיווע בויער פונ סאָציאַליזמ... דאָס, וואָס איר וועט מיר בלויז דערציילנ, איז פאַר מיר ווייניק, איך דאַרפ זיי זענ איך דאַרפ זיי הערנ, וואָס זאָגנ זיי, ווי פירנ זיי זיך אופ אינ זײער טאָג-טעגלעכער אַרבעט, נו, אָט איז צ. ב. בא אײַך דער סעקרעטאַר, וואָס טוט ער? ער פאַרנעמט זיך נאָר מיט דעם, וואָס ער רויכערט אָנ אופהער פּאַפּיראָסנ אונ לייגט איבער די פּאַפּירנ פונ טיש אפנ שטול אונ פונ שטול אפנ טיש... דאָס טויג אפ צאָרעס...

איך האָב אָפּגעקערט דעם קאָפּ אונ האָב דערזענ בעעמעס, דער סעקרעטאַר איז געזעסנ אײַנגעוויקלט אינ רויך פונ פּאַפּיראָס אונ האָט געבלעטערט אָנ א שיר פּאַפּירנ.

— אָדער צ. ב. די קוריערשע,— האָט ווידער גערעדט די שטים,— זי שטייט נעבן פענצטער, גענעצט און קוקט אַרײַן אין אַ שפּיגעלע, ווער דאַרף זי? זי איז ביכלאַל אַן איבעריקע. אַזוי וועל איך אײַך אָנרעכענען גאַנצע 10־15 מענטשן, וועלכע זײַנען איבעריק. די זאַך פֿאָדערט ווייניקער מענטשן און מער אַרבעט פֿאַר יעדערן.

אין אַ ווײַלע אַרום איז פֿון רעדאַקטערס קאַבינעט אַרויס דער מיטאַרבעטער, וועלכן איך האָב אָפּגעוואַרט. ער איז געווען פֿאַרשוויצט און מאָדנע אויפֿגערעגט. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פֿאַרשריבענעם דיקן העפֿט און האָט אים מיט קאַעס אַ שלײַדער געטאָן אין טישקעסטל.

— מיט אַ רעדאַקטער אַליין דאַרף מען זיך אויך אַזויפֿיל אָנריידן? — האָב איך מיט־פֿילנדיק געזאָגט צום מיטאַרבעטער,— און אַליין זעט ער ניט, אַז דער שטאַט איז דאָ אַ צו גרויסער?

דער מיטאַרבעטער האָט אַף מיר צעשטעלט אַ פּאָר אויגן און האָט פֿאַרוואונדערט אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָ־אָס?

— איך זאָג, אַז ניט געקוקט אַף דעם, וואָס איך בין דאָ דעם ערשטן מאָל אין רע־דאַקציע, דוכט זיך מיר, אַז דאָ איז צופֿיל מענטשן, און דער רעדאַקטער, ווײַזט אויס, וויל עס ניט פֿאַרשטיין. איר האָט מיט אים באַדאַרפֿט אַזויפֿיל טײַנען?..

דער מיטאַרבעטער האָט זיך צעלאַכט.

— איר האָט, כאַווער, ניט פֿאַרשטאַנען וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט. צו די שטאַטן האָט עס ניט קיין שײַכעס. דאָס האָט מיר דער רעדאַקטער געגעבן אָנווײַזונגען וועגן מײַנע אַ גרעסערע דערציילונג...

---

## צוויי אַנטראַקטן

קאַפּלניק, דער שוסטער, וואָס אַרבעט דעם 3־טן כוידעש אין אַרטעל „פּראָלעטאַריי", איז געקומען אין טעאַטער אַן אויסגעפּוצטער און מיט אַ בילעט פֿון דער ערשטער ריי. „הײַנט דאַרף איך זיך ניט מאַסקירן,— האָט ער געטראַכט,— איך בין שוין אַן עמעסער פּראָ־לעטאַריער". אין דער צײַט פֿון ערשטן אַנטראַקט איז ער גײַוועדיק אַרויס אין פֿאָיע פֿאַרויכערן אַ פּאַפּיראָס.

— געפֿעלט אײַך דער ערשטער אַקט?— האָט אים גרינשפּאַן, דער פֿאַרוואַלטער פֿון אַרטעל, געפֿרעגט, דורכגייענדיק פֿאַרבײַ.

— אויסגעצייכנט! אויסגעצייכנט!... האָט קאַפּלניק נײַגעריק אים געקוקט אין די אויגן. איבערהויפּט שפּילט גוט דער רויטאַרמייער...

— דער רויטאַרמייער שפּילט גראָד שוואַך,— האָט זיך גרינשפּאַן פֿאַרקרימט.

— נו פֿאַרשטייט זיך, ער האָט געמעגט שפּילן בעסער, פֿאָרט אַ רויטאַרמייער... פֿאַרויכערט כ' גרינשפּאַן!...

קאַפּלניק האָט גרינשפּאַנען מעכאַבעד געווען מיט אַ גוטן פּאַפּיראָס און האָט כניפֿעדיק צו אים געשמייכלט.

— דער גאנצער אקט געפעלט מיר ניט... האָט דער פארוואלטער קאטעגאָריש דערקלערט און האָט פארויכערט.

— קימאט ווי איר זײַט גערעכט... געוויס...

קאפּילניקנ איז א שטיקל טאבעק ארײַנגעפאלנ אינ האלדז, ער האָט זיכ שטארק פארהוסט. דערווײַל האָט מענ דעם פארוואלטער אָפּגערופנ אָנ א זײַט. ווענ קאפּילניק האָט זיכ אויסגעהוסט און האָט אָפּגעווישט די ליפּנ, האָט ער נעבנ זיכ דערזענ מאָטלענ.

— וואָס מאכט קאפּילניק?! — האָט אים מאָטל גוט־ברודעריש א פּאטש געטאָנ איבערנ פּלייצע.

קאפּילניק האָט אפ אים אנ ערנסטנ קוק געטאָנ. אים האָט זיכ געוואָלט אָפּקערנ אָנ א זײַט פונ זײַנ אמאָליקנ לערנ־ייִנגל, וועלכער פלעגט בא אים ניאנטשענ די קינדער און זײַנ א מעשאָרעס. א נײַער פּאני בראט מיט אים... נאָר מאָטל האָט ניט באמערקט קאפּילניקס גרויסקײַט. ער האָט צו אים געשמייכלט.

— וואָס הערט זיכ, קאפּילניק, דו געדענקסט אמאָליקע יאָרנ?

קאפּילניק איז נאָכ שטארקער אופגעבראכט געוואָרנ. „א נײַער כאווער מיט אים, ער דוצט אים נאָכ... ווענ ער איז ניט אינ טעאטער, וואָלט ער אים צופּאטשט דעם פּאָנעם“.

— האָסט פארויכערנ?—האָט מאָטל געשמייכלט.

— וואָס זאָגט מענ אפ אים? — האָט, קאפּילניק געטראכט. — ווי נעמט זיכ עס בא א מענטשנ אזא כוצפּע?

— איכ האָב ניט!—האָט ער דורכ די ציינ דורכגעזײַט און האָט זיכ אָפּגעקערט.

אפ דעם האָט זיכ זייער געשפּרעכ געענדיקט. קאפּילניק איז געווענ צופרידנ, וואָס ער איז פונ מאָטלענ פּאָטער געוואָרנ. ער האָט מיט די אויגנ געזוכט איבערנ פּאָיע גרינשפּאנענ. מיט אים וואָלט קאפּילניק גראדע מיט פארגעניגנ פארבראכט א גאנצנ אָוונט...

אינ דער צײַט איז צו אים צוגעגאנגענ דער בוכהאלטער פונ ארטעל און האָט מאָדנע צופרידנ געפינטלט מיט די קורצזיכטיקע אויגנ הינטער די גלעזלעכ פונ פּענסנע.

— איר קענט זיכ מיט אים, כ' קאפּילניק? נישקאָשע פונ א מענטש?

— ווער?

— אָט מיט דעם, וואָס איר האָט אָקאָרשט גערעדט,—האָט דער בוכהאלטער גאָר ניט ווי שטענדיק, גוט־ברודעריש, געפינטלט צו אים מיט די אויגנ.

קאפּילניק האָט אים ניט געוווסט וואָס צו ענטפערנ. ער האָט אפ אים צעטומלט געקוקט.

— געווענ א מאָל בא מיר א לערנ־ייִנגל...

— טאקע? בא אײַכ א לערנ־ייִנגל? האָט זיכ דער בוכהאלטער פארוווּנדערט און האָט נאָכ צופרידענער גענומענ פינטלענ מיט די אויגנ.

קאפּילניקנ האָט זיכ געדאכט, אז דער בוכהאלטער שפּאסט. שטענדיק קוקט ער קיינעם ניט גלײַכ אינ די אויגנ און איצט איז ער מיטאמאָל אזוי פרײַנטלעכ מיט אים געוואָרנ. ווער וייס וואָס פאר א „דעלע“ מע קאָנ אים אָנבינדנ. מע קענ נאָכ אָנווײַזנ, אז ער האָט אמאָל עקספּלואטירט ארבעטער. ער האָט פונ אופרעגונג פארויכערט נאָכ א פּאפּיראָס און מעכאבעד געווענ אויכ דעם בוכהאלטער, כאָטש ער האָט געוווּסט, אז דער בוכהאלטער רויכערט ניט.

מע האָט געגעבנ דעם דריטנ סיגנאל, דער אוילעם האָט זיכ גענומענ שפּארנ באם ארײַנגאנג אינ צושויער־זאל. אפנ וועג האָט דער בוכהאלטער אָפּגעשטעלט קאפּילניקנ.

— איר ווייסט אנטקעגנ וואָס איכ האָב עס געפרעגט,—האָט אימ דער בוכהאלטער סוידעסדיק געזאָגט,—אָט דער כאווער, מיט וועלכנ איר זײַט געשטאנענ, ווערט בא אונדז איצט דער פארוואלטער פונ ארטעל. גרינשפאנ פאָרט אוועק לערנענ זיכ.

קאפילניקנ האָט די בלוט אינ קאָפּ א שפאר געטאָנ. עס האָט זיכ אימ אלצ גענומענ דרייענ אינ די אויגנ.

דעמ צווייטנ אקט האָט ער שוינ ניט געקאָנט אײַנזיצנ רויִק. ער האָט זיכ קאמ דער־ווארט דעמ אנטראקט. באמ ארויסגאנג האָט ער זיכ ווידער געטראָפנ מיט גרינשפאנענ.

— אָט דער צווייטער אקט איז גראָד ניט קיינ שלעכטער, — האָט צו אימ גרינשפאנ געשמייכלט,—בא אײַכ איז גוטע פאפיראָסנ, גיט א פאפיראָס.

— דער צווייטער אקט זאָגט איר איז גוט?... האָט אפ אימ קאפילניק געזשמורעט אנ אויגל,—דער צווייטער אקט טויג גראדע אפ צאָרעס... קיינ פאפיראָסנ האָב איכ ניט. דער ערשטער אקט איז געווענ אנ אויסגעצייכנטער...

ער האָט זיכ פונ אימ אָפּגעקערט, אונ איז אוועק איבערנ פאָיע זוכנ מאָטלענ.

---

# שעדיקער

דער צוג איז געגאנגענ גיכ. אינ די וואגאָנ־פענצטערלעכ האָבנ געפינקלט קאָלירטע פײַערלעכ. ווי פּיט ווי ארומ סטאנציעס האָבנ זיי זיכ צעשאָטנ ווי ראקעטעס אינ דער שוואַרצער טיפקײַט.

אפ די אויבערשטע פּאָלקעס האָבנ פאסאזשירנ כראָפּענדיק געסקראָבעט די שטילקײַט. אפ די אונטערשטע איז מענ געזעסנ אונ געדרימלט מיט ארויפגעלאָזטע קעפּ.

שטאבעל, א קאָמיוגיסט פונ צווייטנ קורס בוי־טעכניקומ, איז ניט געשלאָפנ. ער האָט געלייענט אנ ארטיקל אינ צײַטונג וועגנ פראָצעס פונ די שעדיקער, וועלכער קומט פאָר שוינ דעמ צווייטנ טאָג אינ מאָסקווע. ער האָט געטראכט: „ס'איז א העלדישקײַט צו אנטדעקנ אזא אָרגאניזאציע. זיי האָבנ אזויפיל שאָדנ געבראכט דער מעלוכע, ווער ווייס וואָס זיי וואָלטנ נאָכ אָפּגעטאָנ, ווענ ג.פּ.או. פאקט זיי ניט באצײַטנס"...

דער צוג האָט א טויבנ ברומ געטאָנ. שטאבעל האָט זיכ גענומענ גרייטנ. אפ דער סטאנציע וועט ער ארויסגיינ. דאָ אינ שטאָט, אפ דעמ נאָר וואָס אויסגעבויטנ גיגאנטישנ האָלצ־קאָמבינאט, וועט ער דארפנ אָפּזײַנ זײַנ 3־כאדאָשימדיקע פראקטיק. ווער ווייס, וואָס עס שטייט אימ פאָר אינ די נאָענסטע טעג צו טאָנ. איינ זאכ האָט ער באשטימט—אויסנוצנ די פראקטיק אפ די גאנצע הונדערט פראָצ... ער וועט דערווײַזנ, אז די יונגע קאדרענ בארעכטיקנ זיכ, ער וועט באווײַזנ, אז ניט אומזיסט באקומט ער סטיפענדיע, אז די מעלוכע מעג זיכ אפ אימ פארלאָזנ—ער וועט ניט פארפלעקנ דעמ נאָמענ קאָמיוגיסט.

12 באנאכט האָט זיכ דער צוג אָפּגעשטעלט נעבנ סטאנציע. שטאבעל האָט גענומענ זײַנע צוויי טשעמאָדאנעס אינביידע הענט אונ איז אראָפּגעשפרונגענ פונ וואגאָנ.

ארויסגייענדיק פונ וואָקזאל, האָט שטאבעל געדונגענ א פור. ער האָט געהייסנ פירנ אימ אינ נאָענטסטנ האָטעל. דורכפאָרנדיק פארבײַ דעמ שטאָטישנ טעאטער, האָט ער באגעגנט א גרויסע מאסע מענטשנ. עס האָט זיכ דערטראָגנ א געלעכטער. פּע האָט זיכ

געטײלט מיט אײַנדרוקנ פונ ספעקטאקל. עס האָט זיך, ווײַזט אויס, נאָר וואָס געענדיקט די פאָרשטעלונג. שטאבעל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אפ הינטער. ער האָט לאַנג נאָכגעקוקט דעם פריילעכנ האמוינ.

אינ האָטעל האָט ער באקומענ ניט קיינ גרויסנ צימער מיט א קלאָר־פארבעטע בעט. אימ האָט געפרייט, וואָס ער וועט ענדלעך קענענ אָפּרוענ נאָכ א גאנצנ טאָג ביינ־ברעכניש אינ וואגאָנ. ארומ איז געווענ שטיל. ס'האָט אימ קיינער ניט געשטערט אנשלאָפּנ ווערנ געשמאק. אָבער ווי נאָר ער האָט צוגעמאכט די אויגנ האָבנ זיך דערהערט טריט אונ א שטילער פרויענ־געלעכטער. ס'איז ווידער שטיל געוואָרנ. נאכער האָט א שליסל דורכגעקבערט צוויי מאָל די שטילקײַט אונ ס'האָט א סקריפּע געטאָנ די טיר פונ שכײַנעסדיקנ צימער.

שטאבעל האָט דײַטלעכ געהערט א גערודער פונ טשעמאָדאנעס פונ איבערנ וואנט. ערגעצ אינ א ווײַטנ ווינקל האָט מענ אָנגעצונדנ א פרימוס, נאכער האָט ער דערהערט א פארשטיקטנ געשפרעכ פונ א מאנ מיט א פרוי. לעכאטכילע האָט שטאבעל געסטארעט זיך אײַנשלאָפנ, נאָר וואָס ווײַטער, אלצ מער האָט דער געשפרעכ צוגעצויגנ זײַנ אופמערקזאמקײַט.

דאָס ערשטע האָט זיך דערהערט די פרויענ־שטימ.

זי: פאר דיר, בינ איכ גרייט מיט מײַנ לעבנ אָפּפערנ, אָבער דאָס קענ איכ ניט טאָנ.

ער: קענסט, אויב דו זאָלסט וועלנ...

זי: גלויבסט מיר ניט? איכ ווייס... איכ בינ בא דיר אינ די הענט... קענסט מיט מיר טאָנ וואָס דו ווילסט,—זי האָט זיך שטיל צעוויינט.

ער: דער האָלצ־קאָמבינאט מוז פארניכטעט ווערנ אונ טוענ מיר דאָס אָפּ ווי ס'באדארפ צו זײַנ, פיר איכ דיכ אָפּ אינ פאריזש... וועסט זײַנ אויסגעפוצט אינ זײַד אונ אינ סאמעט... וועסט לעבנ גלקלעכ...

זי צעוויינט זיך הילכיקער.

ער רעדט צו איר מיט א צארטערנ טאָנ: באטראכט זיך, טײַערע, וואָס וועט פונ דיר דאָ ווערנ? הײַנט איז דײַנ מאנ א דירעקטער פונ האָלצ־קאָמבינאט אונ מאָרגנ קענ מענ אימ ארויפנעמענ אונ דו וועסט אויסגיינ פונ הונגער... וועסט זיכ דארפנ אליינ שטעלנ ארבעטנ, וואָס וועט פונ דיר ווערנ, לידא, באטראכט זיכ...

עס דערהערט זיכ א הילכיקער קוש.

זי: אויב עס איז עמעס, וואָס דו זאָגסט... אויב איכ וועל זײַנ אינ פאריזש...

ער: גלויבסט מיר ניט? אָט האָסטו שוינ אנ אויסלענדישנ פאספאָרט... מעגסט מיר גלויבנ...

שטאבעל האָט צעגלאָנצט די אויגנ, ער האָט מיט אומגעדולד געווארט אפ איר ענטפער, נאָר זי איז אוועק אינ צווייטנ עק צימער, עס האָט דער פרימוס שטארקער גענומענ ברענענ. דער מענערישער קאָל האָט אינדערצײַט עפּעס געזונגענ שטילערהײַט. דערנאָכ איז זי צוגעגאנגענ נעענטער אונ האָט הויכ געזאָגט:

— יאָ, איכ בינ גרייט!... דער געהילצ־קאָמבינאט וועט אָפּברענענ!...

שטאבעל איז ארויפגעשפרונגענ פונ בעט א צעטומלטער.

ער האָט שטילערהייט געעפנט די טיר אונ איז אפגיכ ארויפגעלאָפנ אונטנ אינ קאנטאָר אָנקלינגענ אינ טעלעפאָנ. דער דרימלדיקער דעזשורנער פונ האָטעל האָט אימ אָפּגעהאלטנ.

— וואָס האָט פאסירט, כאווער?

— לאָזט קיינעם ניט ארויס פונדאנען! — האָט שטאבעל אַן אופגערעגטער באפוילן, — איך דארף דעם טעלעפאָן... איך האָב אנטדעקט שעדיקער!..

דער דעזשורנער האָט געשמייכלט.

— זיי לאָזן ניט שלאָפן, עמעס, כאווער? איר זייט ניט דער ערשטער וואָס האָט צו אונדז פרעטענזיעס... זיי פאָרן שוין די טעג אוועק, דאָס זיינען אקטיאָרן פון שטאָטישן טעאטער. פארן שלאָפּ כאזערן זיי שטענדיק די ראָלן, עס זאָל זיך, ווייזט אויס, בעסער פארגעדענקען...

שטאבעל האָט אָפּ אים געקוקט מיט פארמאטערטע אויגן. ער האָט טיף אָפּגעזיפצט און איז אוועק צו זיך אין צימער. פון איבערן וואנט האָט זיך דערטראָגן א קלאפעריי פון גלעזער מיט לעפלעך. די אקטיאָרן האָבן, ווייזט אויס, געטרונקען טיי. מער האָט זיך שטאבעל ניט צוגעהערט צו זייער געשפרעך. ער האָט פארשטאנען, אז עמעסע שעדיקער ריידן ניט אזוי אָפן און דערצו נאָך אין א האָטעל. אנטדעקן שעדיקער איז גאָרניט אזוי לייכט. נאָר דאָס אלץ האָט נאָך גרעסער געמאכט אין זיינע אויגן דעם העלדישן מעכטער פון לאנד—די ג. פּ. או.

ליפע העלער

# אין קאָלווירט

(אויסצוג)

... האָבן גלעקער זיך צעקלונגען מיט א קלינגענדיקן זוואָנג
אין א ברענענדיקן העמד האָט זיך א שייַער אָנגעטאָן.
אין קאָלווירט איז איצט א טומל, אין קאָלווירט איז איצט א שרעק.
זייַנען פויערים געלאָפן מיט גראָבייַזנס, מיט העק,
אין קאָלווירט איז איצט א טומל, אין קאָלווירט איז איצט א שרעק
ערגעץ האָבן שטילע מאמעס קינדער פונעם שלאָף געוועקט.

ערגעץ האָבן שטילע הייַזלעך זיך געטשוכעט נאָך פון שלאָף
און ס'האָבן שאָף
פון שטאלן זיך געריסן
און צום פייַער זיך געשטויסן מיט די הערנער.

א קודלאטער פייַער
מיט א רויטן קאם
קלעטערט אפן שייַער
מיט פייַער און מיט פלאם.

און דער פייַער פלאקערט
און דער פייַער ברענט,
און א ווינט צעאקערט
די ברענענדיקע ווענט.

ברענענדיקע שפענער
פליִען אין דער נאכט,
ווי ס'וואָלטן רויטע הענער
געשפרונגען פון א דאך.

ווערט דער פײַער גרעסער,
ווערט דער פײַער שטארק,
ווי א שארפער מעסער
שנײַדט ער שטיקער נאכט.

זײַנען קאָלווירטניקעס געקומען און געזען, אז ס'ברענט,
האָבן זיך צעלאָזן יונגען מיט די עמער אין די הענט,
האָבן שטימען זיך געטראָגן און געפאלן אינדערנאכט,
ס'האָט דער פײַער אי געטרויערט, ס'האָט דער פײַער אי געלאכט,
ס'האָבן סאָנים, לעצטע סאָנים, נאָך א לעצטן מאָל געפרווט,
א האלעוועשקע האָט געטארטשעט—די שווארצע האנט פון באלעגופ.

---

ווינטער.
הארטע קעלט.

אין ווײַסער קאָרע ליגט דאָס פעלד,
פולע שליטנס ציִען זיך אין וועגן.
א קאָלווירטניק קוטעט זיך אין פעלץ
און כוקעט ווארעמקײַט אין קאלטע פויסטן.

ברעכן שליטנס אײַן דעם וועג
און דעמבן קרעפטיקע ווי טעג
ליגן אפ די שליטנס דאָ געלאָדן...
ליגט א סאָסנע אָפ א שליטן,
ברעכט דעם פראָסט—א דעמב
— און ס'קלינגט דאָ אָפ דער ווײַסער באָדן.

ציִען זיך שליטנס פאָרויס און פאָרויס
טוט א קאָלווירטניק א צווייטן אין פלייצע א שטויס
און פאר פרייד א ריב זיך א פויסט אָן א פויסט.

עס וועלן זיך לייגן די סאָסנעס אין ווענט
און ס'וועלן פון אונדזערע אייגענע הענט
וואקסן געבײַדעס
אין וווקס
און אין ברען.
— — — — — — — — — — — — —

ס'האָט דער קאָלווירט זיך פונוויַטן דערזען!

י. סעמקאָווסקי

# דער דײַטשישער פּראָלעטאריאט אינ קלעמ פונ דער „דריטער אימפּעריע“

אינ דײַטשלאנד האָט זיכ געשטעלט אומיטלבאר באם מעלוכע־רודער אנ אָפענע ברר־טאלע פאשיסטישע דיקטאטור. נאָכדעמ, ווי בריונינגס, פאפענס אונ שלייכערס פרווונ אײַנ־צושטעלנ א געוויסנ עקאָנאָמישנ אונ פּאָליטישנ גלײַכגעוויכט אינ לאנד, דערשטיקנ די וואקסנדיקע רעוואָליוציאָנערע באוועגונג, סטאביליזירנ די אויסלענדישע פּאָליטיק פונ דײַטשלאנד אונ מילדערנ די ווידערשפּרוכנ צווישנ די הערשנדיקע קלאסנ אינ דײַטש־לאנד גופע זײַנענ דורכגעפאלנ, האָט דער פינאנצ־קאפיטאל באשלאָסנ איבערצוגעבנ די מאכט היטלערנ, קעדיי ער זאָל מיט „א שטארקער האנט“ פרווונ געפינענ אנ אויסוועג פונעמ קריזיס אונ ארויספירנ פונעמ טעמפּנ ווינקל, אינ וועלכנ די דײַטשישע בורזשואזיע געפינט זיכ.

איינע פונ די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונ די פאשיסטישע פּארטייענ קימאט אינ יעדנ לאנד, איז דאָס, וואָס איידער זיי קומענ צו דער מאכט, אָפּערירנ זיי אָפט צוליב דעמאגאָגיע מיט סאָציאלער אנטיקאפּיטאליסטישער פראזעאָלאָגיע, קעדיי איבערצוציענ אפ זייער זײַט די אומצופרידענע עלעמענטנ פונ קליינבירגערטום, די ארבעטער, פויערים ביכ־לאל. מיט דערדאָזיקער אנטיקאפּיטאליסטישער פראזעאָלאָגיע האָט היטלער פארנ קומענ צו דער מאכט זיכ זייער היפּש באנוצט. אָבער די דײַטשישע בורזשואזיע האָט זיכ פאר דעמ ניט געשראָקנ. זי איז געווענ זיכער אינ איר פאשיסטישער אגענטור. זי האָט עס געטאָנ דערפאר, ווײַל זי קענ גוט היטלערנ, אונ זי ווייס, אז ער וועט טרײַ אונ זיכער פארטיידיקנ אירע אינטערעסנ, באמיענ זיכ צו פארפעסטיקנ די קאפּיטאליסטישע אָרדענונג אונ ראטע־ווענ זי פונ אומפארמײַדלעכנ אונטערגאנג. היטלערס קומענ צו דער מאכט איז דעריבער ניט קיינ באווײַז פונ שטארקײַט פונ דער דײַטשישער בורזשואזיע, נאָר פארקערט, א באווײַז פונ דער פארשארפונג פונ עקאָנאָמישנ קריזיס, פונ אלע אינערלעכע אונ אויסערלעכע ווידערשפּרוכנ אונ שוועריקײַטנ פונ דער דײַטשישער בורזשואזיע אונ פונעמ גוואלטיקנ רעוואָליוציאָנערנ אופשוווּנג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אינ לאנד.

דײַטשלאנד געהערט צו די לענדער, וועלכע זײַנענ אמשטארקסטנ ארומגעכאפּט דורכ די צוואנגענ פונעמ עקאָנאָמישנ וועלט־קריזיס. ווערנדיק צערויִנירט אינ רעזולטאט פונ דער וועלט־מילכאָמע, פונ ווערסאלער אָפּמאכ אונ פונ די רויבערישע רעפּאראציעס, ניט קוקנ־דיק אפ דער פארהעלטנישמעסיקער ווידערשטאנד־פייִקײַט, וועלכע עס האָט ארויסגעוויזנ די דײַטשישע בורזשואזיע אינ דער צײַט פונ דער טיילווײַזער סטאביליזאציע, פילט זיכ דאָכ

איצט אין דײַטשלאַנד דער קריזיס שארפער ווי אין א וועלכער ניט איז אנדער קאפּיטאליסטיש לאנד. פון יאָר צו יאָר, פון כוירעש צו כוידעש, פון וואָך צו וואָך „פּראָגרעסירט“ דער קריזיס אלץ מער און מער. אויב מע זאָל, צ. ב., נעמען דעם אינדעקס פון דער אינדוסטריע־פּראָדוקציע, אָננעמענדיק די ציפערן פון 1928 י. פאר 100, האָט ער אין 1930 י. באטראָפן 89 פּראָצ., אין 1931 — 72 פּראָצ. און אין 1932 — 57 פּראָצ. די דײַטשישע אינדוסטריע־פּראָדוקציע האָט זיך אראָפּגעקײַקלט צום ניוואָ פון 1897 יאָר. די אלגעמיינע פּראָדוקציע פון דער דײַטשישער אינדוסטריע האָט אין 1932 יאָר באטראָפן 34 מיליארד קעגן 70 מיליארד מארק אין 1929 י. דער ספּעציפישער געוויכט פון דער דײַטשישער אינדוסטריע אין דער וועלט־אינדוסטריע איז געפאלן פון 14,6 פּראָצ. אין 1928 י. ביז 8,9 פּראָצ. אין 1932 י. די אָנלאָדונג פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען איז געפאלן ביז 35 פּראָצ.

דער קריזיס פארשארפט זיך נאָך מער אין די לעצטע כאדאָשים. צ. ב. אין פעווראל כוידעש פון 1933 י. האָט מען ארויסבאקומען 8700 טויזנט טאָן קוילן קעגן 9300 טויזנט אין יאנוואר פון לויפנדיקן יאָר. קאָקס האָט מען ארויסבאקומען אין זעלביקן כוידעש 1600 טויזנט טאָן קעגן 1700 טויזנט אין יאנוואר הײַאָר. עס פארשיפערט זיך אויך דער קריזיס פון דער לאנדווירטשאפט. די האכנאָסע פון לאנדווירטשאפט איז געפאלן פון 10 מיליארד אין 1929 י. ביז 7 מיליארד אין 1932 י. די וואליוטע האלט זיך אפ א האָר. איר גאָלד־דעקונג באטרעפט נאָר 25 פּראָצ. דער צאָל־באלאנס האלט זיך אין איין פארערגערן, ניט קוקנדיק אפ דעם וואָס דײַטשלאנד האָט אופגעהערט ניט נאָר צו צאָלן די רעפּאראציעס, נאָר אין א געוויסער מאָס פארקלענערט די פּריוואטע צאָלונגען.

אין דײַטשלאנד האָט די בורזשואזיע אפן סאמע אומבעראכמאָנעסדיקן אויפן דורכגעפירט די פּאָליטיק פון איבערוואַרפן די לאסט פונעם קריזיס אפ די פּלייצעס פון די ארבעטער, אָרעמע און מיטעלע פויערים, קליינבירגער און האָרעפּאשניקעס. צו די שווערע לאסטן, וועלכע דידאָזיקע שיכטן האָבן געטראָגן אין רעזולטאט פון ווערסאלער טראקטאט און זײַנע שפּעטערדיקע פארשיידענע אָפּמאכן (דאוועס־פּלאן, יונג־פּלאן), האָבן די אויסנאמדעקרעטן מיט די נויט־פאראָרדענונגען פון אלע פריערדיקע רעגירונגען צוגעגעבן נײַע אומגעהויערע שווערע קריזיס־לאסטן.

די לאגע פון די דײַטשישע ארבעטנדיקע מאסן איז א שרעקלעכע. פאר די קריזיס־יאָרן האָט זיך די האכנאָסע פון די ארבעטנדיקע פארקלענערט אפ 18 מיליארד 800 מיליאָן מארק, אָדער אפ 44,2 פּראָצ. דער קאָניונקטור־אינסטיטוט ווײַזט אָן, אז די הויפּט־סיבע פון דער פארקירצונג פון דער האכנאָסע בא די ארבעטנדיקע איז די ארבעטלאָזיקײַט, די טײל־ווײַזע ארבעטלאָזיקײַט און די פארקירצונג פונעם ארבעטלוין. דער דורכשניטלעכער וועכנטלעכער פארדינסט פון א אינדוסטריעלן ארבעטער האָט באטראָפן אין פערטן קווארטל פון 1929 י. 37 מארק און אין 4־טן קווארטל פון 1932 י. — 26 מארק. דער דורכשניטלעכער כוידעשדיקער פארדינסט פון אן אָנגעשטעלטן אין פערטן קווארטל פון 1929 יאָר האָט באטראָפן 242 מארק און אין 4־טן קווארטאל פון 1932 י. — 186 מארק. אָנהייבנדיק פון 1929 י. אָן ביזן פעווראל 1933 י., האָבן די אונטערנעמער אראָפּגעריסן בא די דײַטשישע ארבעטער 25 מיליארד מארק פון זייער ארבעטלוין. דער דײַטשישער עקאָנאָמיסט קוטשינסקי רעכנט אויס, אז אין דײַטשלאנד געפינען זיך איצט בא 9 מיליאָן ארבעטלאָזע, פון וועלכע נאָר 16 פּראָצ. באקומט סאָציאַלע סטראכירונג.

דידאָזיקע ציפערן באווײַזן, ווי שטארק עס איז פארערגערט געוואָרן דער לעבן־ניוואָ

פונ די האָרעפּאַשניקעס, וועלכע זײַנענ פאַרמישפּעט אפ הונגער אונ נויט. 9 מיליאָנ אַרבעטלאָזע! אָט הינטער דידאָזיקע דרײַ טרוקענע ווערטער ווערט געמאָלט א בילד פונ צענדליקער מיליאָנענ אויסגעהונגערטע, פאַרשמאַכטע נעפּאַשעס, וועלכע גייענ בוכשטעבלעכ אויס פונ הונגער, וועלכע וואַלגערנ זיכ אינ די גאַסנ אונ פונ וועלכע אַסאַכ האָבנ אפילע ניט וווּ דעם קאָפּ אַוועקצולייגנ. דידאָזיקע ציפערנ זאָגנ אויכ איידעס וועגנ דעם, ווי שטאַרק עס איז דער אָנגריפ פונ דער בורזשואַזיע אפ די דײַטשישע אַרבעטנדיקע מאַסנ.

די קעסיידערדיקע פאַראָרעמונג פונ די מאַסנ האָט אומגעהויער פאַרשטאַרקט די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אינ לאַנד. דער דײַטשישער אַרבעטער־קלאַס האָט אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמפּאַרטיי שוינ ניט איינ העראָיִשע בלאַט אַרײַנגעשריבנ אינ דער געשיכטע פונ אומבעראַכמאָנעסדיקנ באָלשעוויסטישנ קלאַסנ קאַמפּ קעגנ דער דיקטאַטור פונ דער בורזשואַזיע אונ אירע אַגענטנ, די סאָציִאַל־פאַשיסטנ. ניט קוקנדיק אפנ סאַבאָטאַזש אונ פאַראַט פונ די לעצטע, וועלכע האָבנ נאָכ א גרויסע ווירקונג אפ די דײַטשישע אַרבעטער, פלעגט זיכ קימאַט יעדער גרעסערער אָנגריפ פונ דער בורזשואַזיע אָנשטויסנ אפנ אַקטיוונ ווידערשטאַנד מיצאַד דעם אַרבעטער־קלאַס. די דײַטשישע קאָמפּאַרטיי רעכנט זיכ ווי איינע פונ די שטאַרקסטע אונ די בעסטע פּאַרטיי אינ קאָמינטערנ. די וואַלנ צום פּאַרלאַמענט אינ נאָיאַבער 1932 י. אונ אינ מאַרט—1933 י. האָבנ באַוויזנ, אז די דײַטשישע קאָמפּאַרטיי איז געוואָרנ די אָנפירנדיקע פּאַרטיי פונ פּראָלעטאַריאַט אינ א גאַנצע רײ אינדוסטריִעלע צענטרענ פונ דײַטשלאַנד אונ אינ בערלינ. ניט האָבנדיק דערווײַל אפ איר זײַט די מערהײַט פונעם אַרבעטער־קלאַס, האָט זי דאָכ זייער טיפע וואָרצלענ צווישנ די מיליאָנענ מאַסנ אַרבעטער אונ האָרעפּאַשניקעס. ניט קוקנדיק אפ די שטענדיקע רעפּרעסיעס פונ דער רעגירונג, האָט די דײַטשישע קאָמפּאַרטיי פאַרמאָגט א ברייט־פאַרצווײַגטע נעצ פונ רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָט באַקעמפט יעדנ פּרווו פונ אָנגריפ אפ די אַרבעטנדיקע מאַסנ. דער דײַטשישער קאָמפּאַרטיי האָט זיכ אײַנגעגעבנ אינ 1932 י., באַזונדערס אינ דער צווייטער העלפט, צו פאַנאַנדערהיקלענ א כוואַליע פונ שטרײַק־קאַמפנ, וועלכע זײַנענ דורכגעפירט געוואָרנ אונטער דער אָנפירונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער אָפּאָזיציע. די שטרײַקנ, די מאַסנ־דעמאָנסטראַציעס, די רעזולטאַטנ פונ די וואַלנ אינ רײַכסטאַג, דער איינהײַט־פראָנט, וועלכער האָט זיכ אָנגעהויבנ צו פאַרווירקלעכנ צווישנ די קאָמוניסטישע, סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע אונ אומפּאַרטייִשע אַרבעטער, ניט קוקנדיק אפנ סאַבאָטאַזש פונ די סאָציִאַל־פאַשיסטנ — דאָס אַלצ האָט געשראָקנ די בורזשואַזיע, האָט איר געדראָט מיט אַנ אומפאַרמײַדלעכנ אונטערגאַנג.

די איינציקע רעטונג האָט די דײַטשישע בורזשואַזיע געזענ אינ אַנ אומבעראַכמאָנעסדיקנ טעראָר קעגנ אַרבעטער־קלאַס אונ זײַנ אַוואַנגאַרד די קאָמפּאַרטיי. אונ היטלער פירט דורכ צוזאַמענ מיט זײַנע בלוט־הינט, גערינג, געבעלס א. אנד. דידאָזיקע מיסיע פונ גרויסקאַפּיטאַל אפ א ווילדסטנ אופנ. דער זעלבסטגעקרוינטער מאָשיִעכ פונ דער „אופוואַכנדיקער נאַציע", דער פירער פונ דער „דריטער אימפּעריע" האָט אינ זײַנ דעקלאַראַציע אינ נײַעמ „רעפאָרמירטנ" רײַכסטאַג דערקלערט: „פונ הײַנט אָנ וועט דאָס אייגנטום, פאַמיליע, רעליגיע אונ אָרדענונג ווידער טריוּמפירנ אינ דײַטשלאַנד".

די וועלט־פּרעסע ברענגט טאָגטעגלעכ שוידערלעכע יעדיִעס וויאַזוי די היטלערישע דיקטאַטור פאַרווירקלעכט אינ לעבנ דידאָזיקע „הייליקע" פּרינציפּנ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. די פאַקטישע ציפערנ פונ די אַרבעטער־קאָרבאָנעס אינ דײַטשלאַנד ווייס נאָכ קיינער ניט. נאָר דורכ די בראַטנ פונ דער גרויסער טורמע, וועלכע גאַנצ דײַטשלאַנד

שטעלט מיט זיך איצט פאָר, הערן זיך געשרייען פון צענדליקער טויזנטער געפּייניקטע. בא 100 טויזנט ארבעטער זײַנען פארשפּארט געוואָרן אין די טורמעס, קאַזעמאַטן און פאַשיסטישע קאַזאַרמעס, זיי ווערן אלע מוירעדיק געפּייניקט אפן סאַמע ראַפינירסטן, סאַדיסטישן אויפן.

אלע ארבעטער־אָרגאניזאציעס זײַנען אין דײַטשלאַנד צעגראָמירט געוואָרן. די רעגירונג אליין גיט אָן די צאָל פון 247 דערמאָרדעטע ארבעטער אין בערלין פון דער צײַט פון דער סרייפע אין רײַכסטאג. די צ־ערן זײַנען, פארשטייט זיך, פארקלענערטע. די פירער פון דער קאָמפּארטיי זײַנען פארשפּארט געוואָרן אין טורמע. צענדליקער טויזנטער מענטשן ווערן דערמאָרדעט. די גאנצע רעוואָליוציאָנערע פּרעסע איז פארמאכט געוואָרן. יעדער פרײַער געדאנק ווערט דערשטיקט. אין הינזיכט פון אומבעראכמאָנעסדיקײַט אין דערשטיקן די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג סטארען זיך די היטלערישע הענקער איבערצושטײַגן די גאליפעס מיט די קאַוועניאַקס, די טרעפּאָווס מיט די פּלעוועס, די פּילסודסקעס מיט די סקלאַדקאָווסקעס. דער אומבעראכמאָנעסדיקער טעראָר קעגן די ארבעטנדיקע מאסן איז ענג צוזאמענגעפלאָכטן מיט א בלוטיקער ראַסן־האס, מיט ווילדע פּאָגראָמען אף ייִדן.

דידאָזיקע בלוטיקע פאשיסטישע דיקטאטור ווערט דורכגעפירט דורך דער היטלערישער קליקע לויט דער „באשטעלונג“ פון די הערשנדיקע קלאסן. כאָטש עס זײַנען פאראן מיינונג־פארשיידנהײַטן און ווידערשפּרוכן צווישן באזונדערע פּארטייען און אָרגאניזאציעס פון דער דײַטשישער בורזשואזיע, וועלכע שפּיגלען אָפּ די מאטעריעלע אינטערעסן פון באזונדערע גרופּן אין דער דײַטשישער בורזשואזיע, און וועלכע וועלן זיך נאָך אלץ מער פארשארפן מיטן וווּקס פון עקאָנאָמישן קריזיס און מיט דער פארשטארקונג פון היטלערס פּאָליטיק צו ווערן אן אויסשליסלעכע מאָנאָפּאָליסטישע מעלוכע־פּארטיי—דאָך זײַנען זיי אלע איייניק אין קאמף קעגן ארבעטער־קלאס. די פּארטיי צענטער גייט מיט היטלערן. „מיר שטרעקן אויס צו אײַך אונדזער האנט“,—בויגט זיך פאר היטלערן זייער פירער קאס. די פאָלק־פארטיי און אלע איבעריקע בורזשואזע קלענערע פּארטייען בוקן זיך פאר היטלערן, שלאָגנדיק זיך נאָר פאר א שטעלע אין מעלוכע־אפּאראט. עס פארשטארקט זיך די פּאָגראָם־וואקכאנאליע און בויקאָט־באוועגונג קעגן דעם ייִדישן קליינבירגערטום.

די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראטיע, די וויכטיקסטע פּארטיי פון 2־טן אינטערנאציאָנאל האָט שענדלעך, עקלהאפט ווידער באנקראָטירט, ניט דעם ערשטן מאָל פאראט די דײַטשישע ס. ד. דעם ארבעטער־קלאס. אין 1914 י. האָט זי זיך געשטעלט אף דער זײַט פון דער בורזשואזיע פונקט אזוי ווי דער גאנצער צווייטער אינטערנאציאָנאל, ווי זײַן פאָדערשטער אָטריאד. אין 1918 י. האָבן די נאָסקעס מיט די עבערטס דערטרונקען אין בלוט די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע אין דײַטשלאַנד. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן די צערגיבעלס, די מילערס און די וועלס מיט זייער פּאָליטיק, מיט זייער בלוטיקן טעראָר קעגן ארבעטער־קלאס, ווען זיי זײַנען געווען בא דער מאכט און שפּעטער מיט זייער פּאָליטיק פון „קלענסטן בייז“, אָפּגעשוואכט דעם ווידערשטאנד פון פּראָלעטאריאט, האָבן געזייט אילוזיעס, אז הינדענבורג איז בעסער פאר היטלערן און אז מע דארף אים דולדן און אונטערשטיצן. זיי האָבן געהאָלפן די בורזשואזע רעגירונגען דורכצופירן דעם אָנגריף אפן ארבעטער־קלאס, צוגרייטנדיק א באָדן פאר היטלערס דיקטאטור.

די פאָרשפּיל צו דער איצטיקער גרויסער קאפּיטולאציע פון דעם דײַטשישן סאָציאַל־פאשיזם פארן פאשיזם איז געווען זייער האכנאָעדיקע האלטונג, בײַם עס איז דורכגעפירט געוואָרן די „מעלוכע־איבערקערעניש“ אין פּרײַסן, בײַם מע האָט זיי געבעטן מעכילע

האָבנ זיי אָנ קיינ שומ ווידערשטאַנד אָפּגעטראָטנ די מאַכט אינ פרײַסנ דעמ פאַשיזמ, נאָכדעמ, ווי היטלער איז געקומענ צו דער מאַכט, האָבנ זיי גערופנ דעמ פּראָלעטאַריאַט צו רויִקײַט. אָפּוואַרפנדיק דעמ פּאָרשלאַג פונ דער קאָמפּאַרטיי וועגנ אַנ איינהײַטלעכנ אַרבעטער־פראָנט קעגנ פאַשיזמ, האָבנ זיי זיכ געשטעלט אינגאַנצנ אַפ דער זײַט פונ פאַשיזמ. די סאָציִאַל־פאַשיסטישע פירער בעטנ זיכ דאָכ, אַז מע זאָל זיי כאָטש לאָזנ בלײַבנ אַ „לעגאַלע אָפּאָזיציע“ דערפאַר, ווײַל היטלערס רעגירונג איז „אַ לעגאַלע פּאָרשטייערנ פונ פאָלק“. אַפ דער זיצונג פונ פאַרלאַמענט זײַנענ די סאָציִאַל־פאַשיסטנ געזעסנ שטיל, ווי שעפּעלעכ. מיט קיינ איינ וואָרט האָבנ זיי ניט פּראָטעסטירט קעגנ גוואַלטיקנ אומבאַרעכמאָנעסדיקנ טעראָר, וועלכער ווערט דורכגעפירט קעגנ די קאָמוניסטישע, סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע אונ אומפּאַרטייִשע אַרבעטער, קעגנ דער קאָמפּאַרטיי, קעגנ אַלע רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, קעגנ דער אַרבעטער־פּרעסע אונ אַפילע קעגנ באַזונדערע צווייטראַנגיקע סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע פירער. זיי האָבנ נאָר האַכנאָעדיק געבעטנ, אַז מע זאָל באַפרײַענ זייערע עטלעכע דעפּוטאַטנ פונ טורמע.

מיט עמערס שמוצ פלעגנ די קאָמפּאַרטייענ באַוואָרפנ ווערנ, ווענ זיי פלעגנ פעסטשטעלנ, אַז די דײַטשישע סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע העלפט דעמ פאַשיזמ קומענ צו דער מאַכט. וועלס האָט עס אָבער איצט פונ דער פאַרלאַמענט־טריבונע אָפנ מוידע געווענ. „מיר — האָט ער דערקלערט, — האָבנ געהאָלפנ היטלערנ קומענ צו דער מאַכט“. די דײַטשישע סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיכ באַליידיקט אַפ דער בורזשואַזיע, וואָס די לעצטע דערשאַצט ניט אירע פאַרדינסטנ פאַרנ קאַפּיטאַליזמ. וועלס דערקלערט פונ דער רײַכסטאַג־טריבונע, אַז זיי האָבנ די גאַנצע צײַט געהאָלפנ דעמ קאַפּיטאַליזמ, אַז זיי האָבנ ניט קיינ שומ שײַכעס צו די קאָמוניסטנ, אַז זיי זײַנענ קעגנ אַנ איינהײַטלעכנ פראָנט מיט די קאָמוניסטנ א.א.וו. די דײַטשישע סאָציִאַל־פאַשיסטנ באַמיִענ זיכ אויכ, אַז אינ אויסלאַנד זאָל מענ, כאָלילע, ניט שרײַבנ שלעכטס וועגנ דער דײַטשישער פאַשיסטישער דיקטאַטור אונ זיי זײַנענ אַרויסגעפאָרנ איבער דער גאַנצער וועלט איבערצײַגנ זייערע פאַרטיי־כאַווייריִמ אונ דעמ צווייטנ אינטערנאַציִאָנאַל, אַז מע זאָל אופהערנ צו פירנ אַ קאַמפּאַניע קעגנ דײַטשישנ פאַשיזמ, אַז „אינ דײַטשלאַנד איז נאָכ גאָרניט אַזוי שלעכט“. קעדיי צו געפעלנ ווערנ היטלערנ, איז וועלס, דער פאָרזיצער פונ דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי, אַרויסגעטראָטנ פונ ביוראָ פונ 2־טנ אינטערנאַציִאָנאַל. דידאָזיקע קאַפּיטוליאַציע איז אָבער אויכ אַ באַנקראָט פונ דער גאַנצער פּאָליטיק פונ צוזאַמענאַרבעט מיט דער בורזשואַזיע, וואָס עס האָט דורכגעפירט דער 2־טער אינטערנאַציִאָנאַל. דאָס איז אַ באַנקראָט פונ גאַנצנ פאַרעטערישנ 2־טנ אינטערנאַציִאָנאַל.

די דײַטשישע רעפאָרמיסטישע פּראָפאַריינ־פירער שליסנ זיכ אײַנ אינ דער פאַשיסטישער סיסטעמ. לייפּאַרט, דער פאָרזיצער פונ דידאָזיקע פאַריינענ, האָט איבערגעשיקט צו היטלערנ אַ דערקלערונג, אינ וועלכער ער האָט אימ געשריבנ פאָלגנדיקעס:

„די סאָציִאַלע אופגאַבעס, וועלכע שטייענ פאַר די פּראָפאַריינענ, דאַרפנ אויסגעפילט ווערנ אומאָפּהענגיק פונ דעמ, וועלכער מעלוכע־רעזשימ עס שטייט בא דער מאַכט. די פּראָפאַריינענ ווילנ פאַרטיידיקנ די אינטערעסנ פונ די אַרבעטער דורכ אַ פרײַער פאַרשטענדיקונג מיט די אונטערנעמער. די פּראָפאַריינענ האָבנ באַוויזנ, אַז זיי אַנערקענענ אונ באַנוצנ זיכ מיטנ מעלוכעדיקנ צוואַנג־אַרביטראַזש אונ אַז זיי אַנערקענענ דאָס רעכט פונ דער מעלוכע אַרײַנצומישנ זיכ אינ די קאָנפליקטנ צווישנ די אַרבעטער אונ אונטערנעמער. מיר אַנערקענענ דעמ מעלוכע־קאָנטראָל איבער אַ געמיינזאַמער אַרבעט פונ פרײַע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע קענענ פאַרגרינגערנ אונדזער טעטיקײַט.

די פראָפארײנע פרעטענדירנ ניט אפ אנ אומיטלבארער ווירקונג אפ דער מעלוכע־פאָליטיק״. א.א.וו.

אפ אזא אויפנ קומט ׳סאָר די פאָליטישע אוןווירטשאפטלעכע איבערפלעכטונג פונ די סאָציאַל־פאשיסטישע פירער מיטנ היטלערישנ מעלוכע־אפאראט, װעלכע ווילנ דורכ די פאשיסטישע מעטאָדנ פונ „בורגפרידנ״ אונ „ווירטשאפט־דעמאָקראטיע״ העלפנ די פאשיסטישע סיסטעמ צו פארשטארקנ די עקספלואטאציע פונ די ארבעטנדיקע מאסנ.

די פראזע, װעלכע היטלער האָט געוואָרפנ אפ דער ערשטער זיצונג אינ רײַכסטאג צו די סאָציאַל־דעמאָקראטנ, אז „איצט דארפנ מיר אײַכ ניט״, דארפ מענ ניט נעמענ ערנסט. יעדע פאשיסטישע פארטיי, װעלכע שטייט בא דער מאכט, שטרעבט צו א מאָנאָפאָלישער הערשאפט. אָבער דאָס הייסט ניט, אז די פאשיסטישע פארטיי דארפ ליקווידירנ די איבעריקע בורזשואזע פארטייענ אונ באזונדערס די סאָציאַל־דעמאָקראטיע. שטײנ אפ אזא שטאנדפונקט וואָלט געהייסנ, אז די פאשיסטישע דיקטאטור אינ יעדנ לאנד, ווו זי שטייט בא דער מאכט, נייטיקט זיכ ווירקלעכ מער ניט אינ אירע סאָציאַל־פאשיסטישע אגענטנ, דאָס וואָלט געהייסנ, אז עס קומט פאָר א ווירקלעכער קאמפ צווישנ פאשיזמ אונ סאָציאַל־פאשיזמ אונ אז די סאָציאַל־פאשיסטנ, דאָס איז א רעוואָליוציאָנערע פארטיי, װעלכע קעמפט קעגנ פאשיזמ, דערדאָזיקער פאלשער שטאנדפונקט איז שוינ לאנג פארורטיילט געוואָרנ דורכנ קאָמינטערנ. די פראגע וועגנ אזא אָדער אנדער באציִונג פונ די פאשיסטישע רעגירונג־פארטייענ צו די סאָציאַל־פאשיסטישע פארטייענ ווערט געלייזט אָפהענגיק פונ די קאָנקרעטע באדינגונגענ אינ יעדנ לאנד באזונדער. מערסטנטייל ווערנ די סאָציאַל־פאשיסטישע פארטייענ ניט ליקווידירט. מוסאָליני האָט אָנגעהויבנ זײַנ הערשאפט ניט מיטנ פאנאנדערטרײַבנ די סאָציאַל־דעמאָקראטיע. די פאשיסטישע דיקטאטור אינ פוילנ ווערט דורכגעפירט גלײַכצײַטיק דורכנ רעגירונג־לאגער פונ פילסודסקינ אונ דורכ די „אָפּאָזיציאָנעלע״ סאָציאַל־פאשיסטישע פארטייענ, װעלכע פילנ אויס די מיסיע פונ פאשיזמ אפ דער ארבעטער־גאס מיט זײערע אייגענע „סאָציאַליסטישע״ מעטאָדנ. היטלער האָט אָנגעווענדעט זײַנ בלוטיקנ טעראָר קעגנ דער קאָמפארטיי, קעגנ די קאָמוניסטישע, ניט־אָרגאניזירטע אונ סאָציאַל־דעמאָקראטישע ארבעטער, היטלער האָט אפילע דערמאָרדעט אייניקע ס.־ד. פירער, היטלער וועט עפשער ווײַטער ארײַנזעצנ אינ טפיסע אונ דערמאָרדנ באזונדערע צווייט־ראנגיקע ס.־ד. פירער, דאָס ווערט אָבער געטאָנ ניט קעדיי צו באקעמפנ די סאָציאַל־דעמאָקראטיע, נאָר אפ אָפצושרעקנ, ווי א באלעבאָס לערנט אָנ זײַנ הונט. די פולשטענדיקע ליקווידאציע פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פארטיי אלס א גאנצע ליגט ניט אינ די אינטערעסנ פונ דער בורזשואזיע אונ פונ איר היטלערישער אגענטור. די בורזשואזיע אפ דער גאנצער וועלט רעגירט אָפהענגיק פונ די באדינגונגענ, אמאָל מיט דער הילפ פונ דער פאשיסטישער פארטיי, אמאָל מיט דער הילפ פונ דער סאָציאַל־פאשיסטישער פארטיי אונ אָפט מיט ביידנס הילפ צוזאמענ. די דײַטשישע בורזשואזיע דארפ האָבנ די סאָציאַל־פאשיסטנ אפ צו העלפנ דעמ פאשיזמ דערשטיקנ די ארבעטער־באוועגונג אונ אפ צו האלטנ זיי אינ רעזערוו אינ פאל, ווענ די היטלערישע דיקטאטור וועט זיכ שטארק קאָמפראָמעטירנ אינ די אויגנ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ.

די „טעאָרעטיקער״ פונ דער „דריטער אימפעריע״ פירנ דורכ אָפט אנ אנאלאָגיע צווישנ היטלערס קומענ צו דער מאכט מיט מוסאָלינים קומענ צו דער מאכט. זיי מאכנ דערפונ אנ אויספיר, אז דעמ דײַטשישנ פאשיזמ וועט זיכ אײַנגעבנ דורכפירנ א ווירטשאפטלעכע אונ פאָליטישע סטאביליזאציע אינ לאנד, ווי דאָס האָט זיכ אײַנגעגעבנ, אינ א געווויסער

מאָס, מוסאָלינינ מיט 10 יאָר צוריק. דידאָזיקע „סעאָרעטיקער“ טרייסטנ זיך נאָר מיט כאַלאָשעס־טראָפנס. זיי מאַכנ זיך ניט ווּיסנדיק פונ דעם גוואַלטיקנ אונטערשייד אינ דער סיטואַציע צווישנ דעם 1922 י. אינ איטאַליע אונ 1933 י. אינ דײַטשלאַנד.

אינ איטאַליע איז דער פאַשיזם געקומענ צו דער מאַכט אינ אָנהייב פונ דער טייל־ווײַזער סטאַביליזאַציע, ווענ די בורזשואַזיע פונ דער גאַנצער וועלט אונ אויכ די איטאַליענישע האָט זיכ אײַנגעגעבנ קומענ צו זיכ נאָכ דער וועלט־מילכאָמע, נאָכ דער עקאָנאָמישער צערוּיִנירונג אונ נאָכנ רעוואָליוציאָנערנ אופשוווּנג פונ די מאַסנ, וועלכער איז פאָרגעקומענ קימאַט אינ אַלע לענדער. היטלער איז געקומענ צו דער מאַכט אינ באַדינגונגענ פונ שטאַרקסטנ עקאָנאָמישנ קריזיס, ווענ אַלע ווידערשפּרוכנ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג אונ אינ דײַטשלאַנד באַזונדערס זײַנענ אומגעהויער גרויס אונ שאַרפ, ווענ אַפ דער גאַנצער וועלט האָבנ מיר אַ כוואַליע פונ אַ גוואַלטיקנ רעוואָליוציאָנערנ אופשווּנג פונ די מאַסנ קעגנ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. היטלער איז געקומענ צו דער מאַכט, ווענ די שטאַרקײַט פונ סאָוועטנפאַרבאַנד איז אומגעהויער אויסגעוואַקסנ, ווענ דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט זיגעריש פאַרענדיקט דעם ערשטנ פינפיאָר אונ טרעט צו צו בויענ דעם צווייטנ פינפיאָר, וועלכער דאַרפ שאַפנ די אָנקלאַסאָווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. היטלער איז געקומענ צו דער מאַכט, ווענ די גאַנצע וועלט שטייט ערעוו אַ נײַעמ טור פונ רעוואָליוציעס אונ מילכאָמעס.

מע דאַרפ אויכ ניט פאַרגעסנ, אַז די אויסערלעכע לאַגע פונ איטאַליע איז ניט געווענ אַזוי שווער אונ אַזוי קאָמפּליצירט, ווי די איצטיקע לאַגע אינ דײַטשלאַנד. אינ איטאַליע איז אויכ ניט געווענ אַזאַ שטאַרקע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, ווי עס איז פאַראַנ איצט אינ דײַטשלאַנד.

אונ דערפאַר טאַקע איז די סיטואַציע אינ דײַטשלאַנד, אויסער דעם אומבעראַכמאָנעסדיקנ טעראָר קעגנ אַרבעטער־קלאַס, אַ גאַנצ אַנדערע, ווי אינ איטאַליע אינ 1922 י. דער דײַטשישער פאַשיזם וועט ניט זײַנ בעקויעכ צו לייזנ קיינ איינ וויכטיקע פראַגע, וועלכע שטייט פאַר דײַטשלאַנד. דער דײַטשישער פאַשיזם וועט ניט קענענ געבנ די מיליאָנענ אויסגעהונגערטע מאַסנ ברויט אונ אַרבעט. גערינג אַליינ האָט דערקלערט, אַז „אַזוי גיכ וועט ניט זײַנ קיינ מאַמאָשעסדיקע רעזולטאַטנ“, אונ האָט געראַטנ דערווײַל די דײַטשישע מאַסנ צו לעבנ אויסשליסלעכ אַפ קאַרטאָפל. היטלער האָט שוינ צוגעזאָגט, אַז ער וועט אָנעמענ אַזעלכע מיטלענ, „וועלכע וועלנ עפּשער ניט זײַנ פּאָפּוליער“, אַנדערש גערעדט, די לאַגע פונ דײַטשישנ אַרבעטער־קלאַס, זײַנ לעבנ־ניוואָ וועט פאַרערגערט ווערנ. די פאַשיסטישע דיקטאַטור גרייט צו נײַע נויט־פאַראָרדענונגענ, וועלכע דאַרפנ פאַשיזירנ די פּראָפאַריינענ, ליקווידירנ די סאָציאַלע סטראַכירונג, אַרופלייגנ נײַע שטײַערנ א.א.וו. דאָס העכערנ די פרײַזנ אַפ ברויט וועט געבנ אַ קלאַפּ איבער די אָרעמע פויערים. אַדאַנק דער פּראָטעקציע־פּאָליטיק פונ די דײַטשישע קאַפּיטאַליסטנ וועלנ די פרײַזנ אַפ פּראָדוקטנ פונ ערשטנ געברויכ שטאַרק שטײַגנ. דער אַרבעטער־קלאַס איז נאָכמער פאַרמישפּעט אַפ הונגער אונ נויט. היטלער וועט ניט קענענ אופלעבנ דעם האַנדל, די אינדוסטריע, ער וועט ניט קענענ פאַרפעסטיקנ די וואַקלענדיקע וואַליוטע.

די פאַשיסטישע דיקטאַטור באַמיט זיכ צו מילדערנ די ווידערשפּרוכנ צווישנ די אינדוסטריעלער אונ אַגראַריער. דידאָזיקע ווידערשפּרוכנ זײַנענ געווענ איינע פונ די סיבעס, אַדאַנק וועלכער עס זײַנענ געפאַלנ די פאַר־היטלערישע רעגירונגענ. דידאָזיקע ווידערשפּרוכנ וועלנ זיכ נאָכמער פאַרשאַרפנ. די טאַריפ־פּאָליטיק, וועלכע ווערט דורכ־

געפירט אין די אינטערעסן פון די אגראריער, וועט פארשווערן דעם עקספּאָרט פון די
אינדוסטריִעלע סכוירעס און וועט זיך אָנשטויסן אָפּ אַ ווידערשטאנד מיצאד די אינדר־
סטריִעלער. די רײַבונגען צווישן דער נאציִאָנאל־סאָציִאליסטישער פארטיי און דעם
„שטאָלהעלם", די געשעענישן אין בראונשווייג זאָגן איידעס, אז די ווידערשפּרוכן צווישן
באזונדערע בורזשואזע פארטייען פארשארפן זיך אלץ מער און מער.

ניט בעסער איז די לאגע פון דער היטלערישער רעגירונג אפן געביט פון אויסערן־
פּאָליטיק. פארן קומען צו דער מאכט האָט היטלער געפירט אַן אנטיווערסאלע און אנטי־
פראנצויזישע העצע־קאמפאניע. די מיליאָנען קליינבירגערלעכע מאסן האָבן געשטימט פאר
היטלערן, גלויבנדיק, אז די „דריטע אימפעריע" וועט זיי באפרײַען פונעם ווערסאלער יאָך.
אָבער דאָס איז נאָר דעמאגאָגיע. נאָך פארן קומען צו דער מאכט האָבן די קאָמוניסטן
דעמאסקירט היטלערן מיט זײַן פארטיי, וועלכע פלעגט באם אָפּשטימען די קאָמוניסטישע
פאָרשלאָגן אין רײַכסטאג צו אנולירן דעם יונג־פּלאַן און אנטזאגן זיך פון ווערסאלער
אָפּמאַך, אָפּהאלטן זיך פון שטימען. די ווידערשפּרוכן צווישן דײַטשלאנד און די איבעריקע
אימפּעריִאליסטישע מעלוכעס האָבן זיך טאקע איצט זייער פארשארפט (די פראגע וועגן
סאארער געביט, דאנציג, פּוילן, די רעדיפעס אפ די פּאָליאקן אין דײַטשלאנד). אָבער די
אויסערן־פּאָליטיק, וועלכע די היטלער־רעגירונג פירט, באווײַזט, אז היטלער איז ניט אים־
שטאנד צו פירן אַן עמעסן קאמף קעגן ווערסאל און אז ער פּרווט דערלייזן די ווידער־
שפּרוכן מיט פראנקרײַך און פּוילן אפן כעזשבן פון די באציִונגען מיט פ.ס.ס.ר.

נאָך אין 1924 י. האָט היטלער פאָרמולירט די קומענדיקע אויסערן־פּאָליטיק פון דער
פאשיסטישער רעגירונג מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„מיר, נאציִאָנאל־סאָציִאליסטן, פירן אונטער באוווסטזיניק אַ שטריך אונטער די אויסערן־
פּאָליטישע ריכטונגען פון דער פארמילכאָמע־צײַט... ווען מיר ריידן הײַנט וועגן
אַ נײַעם לאנד און נײַע טעריטאָריעס, קלערן מיר נאָר וועגן רוס־
לאנד און וועגן דיגעגנטן, וועלכע זײַנען איר אונטערגעוואָרפן,
דער גורל אליין ווײַזט אונדז אָן דעמדאָזיקן וועג" (אונטערגעשטראָכן
דורך אונדז—י. ס.).

און ווײַטער:

„ניט די אָריענטאציע אפ מײַרעוו, נאָר די אָריענטאציע אפ מיזרעך דארף זײַן דער
ציל פון אונדזער אויסערן־פּאָליטיק, און אזא מיזרעך־פּאָליטיק, וועלכע דארף דעראָבערן
די ערד, וועלכע איז נייטיק פארן דײַטשישן פאָלק".

היטלער האָט דידאָזיקע פּאָליטיק שוין אָנגעהויבן דורכצופירן אין לעבן. שוין אין די
ערשטע טעג נאָכן קומען צו דער מאכט איז היטלער ארויסגעטראָטן מיט עקלהאפטע
אנטיסאָוועטישע רעדעס און איבערגעכאזערט אלע אומגעלומפּערטע רעכילעס פון דער
גאנצער געלער וועלט־פּרעסע וועגן סאָוועטנפארבאנד. לויט אַ ווונק פונויבן, האָט די
גאנצע פאשיסטישע פּרעסע פון דײַטשלאנד פארשטארקט די אנטיסאָוועטישע העצע־
קאמפאניע, וועלכע שטײַגט אריבער אלע קאמפאניעס, וועלכע האָבן זיך ביז איצט געפירט
אין די קאפּיטאליסטישע לענדער. דער פאסטענטירטער סאָוועטן־פרעסער ראָזענבערג, וועלכער
איז דעמאָנסטראטיוו באשטימט געוואָרן פאר אַ קאָמיסאר פון פּאָליטישע איניאָנים, פּאָרט
ארום איבער די אימפּעריִאליסטישע לענדער צו שאפן קאָמבינאציעס פון נײַע אנטיסאָוועט־
טישע בלאָקן. עס ווערן געשאפן וואריִאנטן פון אַ דײַטשיש־איטאליעניש־עסטרײַכישן בלאָק
קעגן דעם סאָוועטנפארבאנד (מוסאָליניס פּלאַן) און פון אַ דײַטשיש־פראנצויזיש־פּוילישן

בלאָק קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד. דער לעצטער שטעלט זיך פאַר א ציל צו קאָמפּענסירן די פּוילישע בורזשואַזיע מיט אָפּרײַסן פֿון סאָוועטנפאַרבאַנד די אוקראַיִנער סאָוועטן-רעפּובליק און אָפּגעבן פאַר די אָפּגענומענע דײַטשישע געגנטן פֿון פּוילן. די היטלערישע רעגירונג סטאַרעט זיך צו באַווײַזן דער גאַנצער אימפּעריאַליסטישער וועלט, אז זי איז גרייט אָנצו-הייבן אן אַנטיסאָוועטישע אינטערווענץ.

די היטלערישע קליקע באַמיט זיך מיט אַלע מיטלען צו פאַרערגערן די באַציִונגען מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד. פראַנק און פרײַ ווערן אַרעסטירט און געפּײַניקט סאָוועטישע בירגער, עס ווערן דורכגעפירט אונטערזוכונגען אף סאָוועטישע שיפן און אָפּטיילונגען פֿון דער האַנדל-מיסיע. לויט דער דירעקטיוו פֿון ענגלישן נאַפט-מאַגנאַט דעטערדינג ווערן צעגראַ-בירט די סאָוועטישע עקספּאָרט-געזעלשאַפטן פֿון נאַפט „דעראָפּ", עס ווערן צעראַבירט די סאָוועטישע פאַרמעגנס, מע פאַרמעסט זיך אפילע אף דער אומבאַרירלעכקײַט פֿון די סאָוועטישע קאָנסולן און באַפולמעכטיקטע פאָרשטייער. יעדן טאָג ברענגט די פּרעסע ידיִעס וועגן נײַע אַנטיסאָוועטישע פּראָוואָקאַציעס. יעדן טאָג דערווײַסט זיך די וועלט פֿון נײַע פאַקטן פֿון דעם צעיושעטן אַנטיסאָוועטישן ווילקיר פֿון היטלערס דיקטאַטור.

דער ווילדער טעראָר און די פאַרשטאַרקטע עקספּלואַטאַציע, די אַנטיסאָוועטישע פּאָליטיק, דאָס אַלץ איז מעסוגל נאָר צו פאַרגיכערן דעם רעוואָליוציאָנערן פּראָצעס פֿון די מאַסן. די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אין דײַטשלאַנד האָט באַקומען א שווערן קלאַפּ, נ אָ ר זי איז נ י ט ד ע ר ש ט י ק ט ג ע ו ו אָ ר ן. ניט דער פאַשיסטישער טעראָר, ניט די עקל-האַפטע פאַרעטערישע מאַנעוורען פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פירער זײַנען בעקויעך אָפּצושטעלן די וואַקסנדיקע רעוואָליוציאָנערע כוואַליע אין דײַטשלאַנד. דער בעסטער באַווײַז זײַנען די רעזולטאַטן פֿון די וואַלן צום רײַכסטאַג און פּרײַסישן לאַנדטאַג אין מאַרט כוידעש. די באַדינגונגען פֿון די וואַלן זײַנען געווען שרעקלעכע. אָבער ניט קוקנדיק אף די מאָרדן, אף די אַרעסטן, אף דער אומגעלומפּערטער פּראָוואָקאַציע מיט אונטערצינדן דעם רײַכסטאַג, ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס די אַרבעטער-פּרעסע איז אינגאַנצן דערשטיקט געוואָרן, וואָס יעדער אַרבעטער, וועלכער האָט געשטימט פאַר די קאָמוניסטן, האָט ריזיקירט מיטן לעבן, האָבן די קאָמוניסטן באַקומען נאָענט פֿון 5 מיליאָן שטימען. אין דערווירקלעכקײַט זײַנען, פאַרשטייט זיך, קאָמוניסטישע שטימען אָפּגעגעבן געוואָרן אַסאַך מער, ווײַל עס זײַנען באַגאַנגען געוואָרן אַסאַך פאַלסיפיקאַציעס. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אז אין די לעצטע וואַלן האָט מען געפּאַסלט 323 טויזנט שטימען, אין דער צײַט, ווען אין די וואַלן אין נאָיאַבער 1932 יאָר זײַנען געווען ניט גילטיקע נאָר 64 טויזנט שטימען. דאָס באַווײַזט, אז דער גרעסטער טייל געפּאַסלטע שטימען זײַנען געווען קאָמוניסטישע. אין פּרײַסן האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אפילע באַקומען 312 טויזנט נײַע שטימען. דאָס באַווײַזט, אז דעם פאַשיזם האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו צעברעכן דעם קאַמף-ווילן פֿון די דײַטשישע מאַסן, אז די קאָמפּאַרטיי האָט אײַנגעהאַלטן אירע פּאָזיציעס, און אז די מאַסן זײַנען גע-בליבן טרײַ די פֿאָנען פֿון אַוואַנגאַרד פֿונעם דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג.

א פאַרשאַרפטער קלאַסנקאַמף ווערט אויך געפירט אף די אונטערנעמונגען. אונטער דער אָנפירונג פֿון דער קאָמפּאַרטיי גיבן די אַרבעטער א געהעריקן ווידערשטאַנד יעדן קאָנקרעטן פּרוּוו פֿון פאַשיסטישן אָנגריף. אין די וואַלן צום זאַוועקאָם אפן בערלינער גאַז-זאַוואָד האָבן פֿון 3887 אַרבעטער פאַר די פאַשיסטן געשטימט נאָר 14. אף די עלעקטער-אונטערנעמונגען האָבן פֿון 3024 אַרבעטער פאַר די פאַשיסטן געשטימט נאָר 83. אין די וואַלן צום פאַבקאָם אף דער פאַבריק פֿון עלעקטרישע לעמפּלעך „אָסראַם" האָט פֿון

2000 שטימענ באקומענ 768 די רעוואָליוציאָנערע אָפּאָזיציע. די קאָמוניסטנ האָבנ אזוי ארומ באקומענ צוויי מאָל אזויפיל שטימענ, ווי פיל אינ די וואלנ פונ פאָריקנ יאָר. די נאציאָנאל־סאָציאליסטנ האָבנ באקומענ נאָר 336 שטימענ.

ביסלעכווײַס וויקלענ זיכ פאנאנדער אפּ באזונדערע אונטערנעמונגענ נײַע שטרײַק־קאמפנ: אזוי צ. ב. האָבנ די טעקסטיל־ארבעטער אינ קאָלנאו דורכגעפירט א זיגרײַכנ שטרײַק קעגנ דעמ פרווו פונ די קאפּיטאליסטנ צו פארקירצנ דעמ ארבעטלוינ אָפּ 8—15 פּראָצ. אונ פארגרעסערנ דעמ ארבעט־טאָג. אינ דאנענבערג אונ אינ אנדערע שטעט האָבנ די ארבעטער דורכ שטרײַקנ ניט דערלאָזנ אָפּצוזאָגנ רעוואָליוציאָנערע ארבעטער פונ פאבריק אונ אוועק־שטעלנ פאשיסטישע מײַסטערס א.א.וו.

די רעוו. ארבעטער־באוועגונג קומט ערשט צו זיכ. דאָס זײַנענ די ערשטע שוואלבנ נאָכ דער לעצטער טעראָר־וואקכאנאליע, דאָס איז נאָכ ניט קײנ נײַער רעוואָליוציאָנערער אויפברויז. אָבער „דער איצטיקער שטילשטאנד נאָכנ זיג פונ פאשיזמ איז א צײַטווײַליקע דערשײַנונג, דער רעוואָליוציאָנערער אויפשטײַג אינ דײַטשלאנד וועט, ניט קוקנדיק אפנ פאשיסטישנ טעראָר, וואקסנ אומפארמײַדלעכ. דער ווידערשטאנד פונ די מאסנ קעגנ פאשיזמ קאָנ ניט ניט וואקסנ. דאָס אײַנשטעלנ אנ אָפענע פאשיסטישע דיקטאטור, צעקלאפּנדיק אלע דעמאָקראטישע איליוזיעס פונ די מאסנ אונ באפרײַענדיק די מאסנ פונ אונטער דער ווירקונג פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, פארשנעלערט דעמ טעמפּ פונ דער אנטוויקלונג פונ דײַטשלאנד צו דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע" (פונ דער לעצטער רעזאָליוציע פונ פּרעזידיומ אי.ק.ק.אי. וועגנ דער לאגע אינ דײַטשלאנד).

די קאָמפּארטיי איז ניט געווענ בעקויעכ צו שטערנ היטלערנ קומענ צו דער מאכט. די דײַטשישע סאָציאל־דעמאָקראטיע אלס א באשטאנד־טײל פונ פאשיזמ האָט קעסיידער אָפּגעוואָרפנ די פּאָרשלאגנ פונ דער קאָמפּארטיי וועגנ אנ אײנהײַטלעכנ פראָנט פונ קאמפּ קעגנ פאשיזמ, וועגנ פּראָקלאמירנ אנ אלגעמײנעמ פּאָליטישנ שטרײַק דעמ 20־טנ יול 1932 י. אונ דעמ 30 יאנואר 1933 י. דער דײַטשישער פּראָלעטאריאט איז געווענ צעשפּאָלטנ, זײַנ ווידערשטאנד איז געווענ אָפּגעשוואכט אדאנק דעמ סיסטעמאטישנ פאראט פונ די סאָציאל־דעמאָקראטישע פירער. זײַענדיק שוואכ, האָט דער פּראָלעטאריאט ניט געקענט ציִענ נאָכ זיכ די ברײטע קלײנבירגערלעכע מאסנ אונ פויערימ, וועלכע האָבנ זיכ אנטוישט אינ דער „ווײמארער דעמאָקראטישער" רעפּובליק אונ וועלכע האָבנ זיכ געלאָזנ כאפּנ אפּ היטלערס נאציאָנאליסטיש־פאשיסטישער ווענטקע. די מערהײַט פונ דײַטשישנ ארבעטער־קלאס איז בעגאנגענ נאָכ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, די קלײנבירגערלעכע מאסנ זײַנענ געווענ פונ פּראָלעטאריאט איזאָלירט. די קאָמוניסטישע פּארטײ—ד. ה. נאָר דער אוואנגארד פונ דײַטשישנ פּראָלעטאריאט—האָט ניט געקענט אינ אזעלכע אומשטענדנ אָרגאניזירנ אנ אנטשײדענעמ קלאפּ דעמ פאשיזמ. אָבער זי האָט די פאשיסטישע דיקטאטור באגעגנט מיט קאמפּ. דירעקט פאר היטלערס קומענ צו דער מאכט האָט זי מיט אײגענע קויכעס דורכגעפירט איבער 300 פּאָליטישע שטרײַקנ. דעמ 21־טנ יאנואר איז אינ בערלינ פּאָרגעקומענ אונטער איר אָנפירונג אזא אימפּאָזאנטע דעמאָנסטראציע, וועלכע בערלינ האָט קײנמאָל ניט געזענ. אויכ אינ גאנצנ לאנד זײַנענ אינ די ערשטע היטלער־טעג פאָרגעקומענ דעמאָנסטראציעס אונ צוזאמענשטויסנ מיט דער פּאָליציי אונ שטורמאָוויקעס. אינ די שרעקלעכסטע באדינגונגענ פונ טעראָר אונ אונטערערד פירט ווײַטער די קאָמפּארטיי א ברײט־פארצווײַגטע ארבעט. די קאָמפּארטיי האָט גלײַכ דעמאסקירט די היטלערישע פּראָוואָקאציע מיט דער סרייפע אינ רײַכסטאג אונ די עמעסע אונטערצינדער, די גערינגס, וואנ־דער־ליובעס אונ די

איבעריקע פראָוואָקאטערס. די קאָמפארטיי האָט אראָפגעריסנ די מאסקע פונ דער סאָציִאל־דעמאָקראטישער קאפיטוליאציע. די דײַטשישע קאָמפראקציע האָט ארויסגעשטעלט א רײ קאָנקרעטע שלאכט־פאָדערונגענ, וועלכע שטעלנ מיט זיכ פאָר אנ אומיטלבארע פראָגראם פונ קאמפ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ דײַטשלאנד קעגנ דער פאשיסטישער דיקטאטור.

די דײַטשישע קאָמפארטיי פאָדערט אינ איר ארויסגעשטעלטער פראָגראם באפרײַענ אלע פאָליטארעסטירטע, אָפשאפנ די פארבאָטנ קעגנ די ארבעטער־אָרגאניזאציעס, דעמאָנסטראציעס אונ ארבעטער־פרעסע, פאנאנדערלאָזנ די הילפ־פאָליצײ אונ די שטורמאָוויקעס, אָפשטעלנ אויסצאָלנ די מעלוכע־סובסידיעס פאר די בענק, האנדל, אינדוסטריע אונ פריצים, אָפשאפנ אלע נויט־פאראָרדענונגענ אונ אויסנאם־דעקרעטנ, אָפשאפנ די פארקירצונגענ פאר ארבעטלאָזע, אנולירנ דעמ ווערסאלער אָפמאכ אונ אלע שטײַערנ אונ צאָלונגענ, וואָס באזירנ זיכ אפ אים, ניט אנערקענענ די גרענעצנ, וועלכע זײַנענ אײַנגעשטעלט געוואָרנ דורכנ ווערסאלער אָפמאכ אונ אנד.

דער פרעזידיום פונ אי.ק.ק.אי. האָט קאָנסטאטירט, אז די פאָליטישע ליניע אונ די אָרגאניזאציִאָנעלע פאָליטיק פונ צ.ק. פונ דער דײַטשישער קאָמפארטײ, אינדערשפיצ מיטנ כ׳ טעלמאנ, ביז אונ אינ מאָמענט פונ דער היטלער־איבערקערעניש, איז געווענ פולקומ א ריכטיקע.

די אויבנ געבראכטע פראָגראם־פאָדערונג פונ דער קאָמפארטײ זאָגט אײדעס, אז אויכ נאָכ דער היטלער־איבערקערעניש גייט די פארטײ אפנ ריכטיקנ באָלשעוויסטישנ וועג, אז איבערבויענדיק איר ארבעט צווישנ די מאסנ אפ אונטערערדישער טעטיקײַט, וועט זי זיגרײַכ פארווירקלעכנ דעמ פאָלגנדיקנ שלאָג־לאָזונג, וועלכנ זי האָט פאָרמולירט אינ לעצטנ אופרופ: „טיפער אינ די מאסנ, ענגער צוזאמענבינדנ זיכ מיט זיי, מוטיקער פאָרויס אינ קאמפ, אינ אנ אײנהײַטלעכנ פראָנט קעגנ דער פאשיסטישער דיקטאטור!“

---

וו. יו. זשאבראָווסקי

# די אופגאבעס פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור פונ וו.ס.ס.ר.[1]

## אפנ היסטאָרישנ קער־פונקט

דער ערשטער פארברייטערטער פלענום פונ אָרגקאָמיטעט פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ וו.ס.ס.ר. האָט זיכ צונויפגעקליבנ אינ זייער א וויכטיקנ קער־מאָמענט. ס'איז מיט דערפאָלג פארענדיקט געוואָרנ דער ערשטער פינפיאָר, מיר געפינענ זיכ אפנ שוועל פונ לייזנ די וועלט־היסטאָרישע אופגאבע פונ 2־טנ פינפיאָר. ס'איז אויסגעבויט א ניט־געוואקלטער פונדאמענט פונ דער סאָציאַליסטישער עקאָנאָמיק. ס'איז ענדגילטיק געלייזט די פראגע „ווער ווּעמענ" סײַ אינ דער אינדוסטריע, סײַ אינ דער לאנדווירטשאפט.

דערדאָזיקער פלענום וועט פארנעמענ אָנ שום צווייפל דעם גרעסטנ אָרט אינ דער געשיכטע פונ דער אנטוויקלונג פונ דער סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראטור פונ וו.ס.ס.ר., ווענ דעם זאָגט אײדעס דער קרײַז פראגעס, וואָס זײַנענ אפ אים געשטעלט אונ אלזײַטיק באהאנדלט געוואָרנ אונ אויכ די וויכטיקע לויט זייער פאָליטישער אונ שעפערישער באדײַטונג ארויסטרעטונגענ, וואָס האָבנ דאָ געהאט אנ אָרט. די באזונדערע באדײַטונג פונ פלענום באשטייט אינ דעם, וואָס ער איז געווענ א בוילעטע דעמאָנסטראציע פונ דעם אנטשיידענעם קער אונ פונ דער קאָנסאָלידאציע פונ די גרונטלעכע שעפערישע שרײַבערישע קרעפטנ ארום דער פארטיי אונ סאָוועטנמאכט. דאָס האָט געפונענ דעם בוילעטסטנ אונ איבערצײַגנדיקנ אויסדרוק אינ דעם ווידערשטאנד, וועלכער איז דאָ אפנ פלענום געגעבנ געוואָרנ מיצאד די סאָוועטישע שרײַבער די קלאסנ־פײַנטלעכע ארויסטרעטונגענ, וואָס האָבנ געהאט אנ אָרט אפנ פראָנט פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור.

אפנ היסטאָרישנ איבערגאנג פונעם ערשטנ צום צווייטנ פינפיאָר האָט די פארטיי, אינ־דערשפיצ מיט איר פירער אונ אָנפירער כאווער סטאלינ, אונטערגעשטראָכנ די נייטיקײַט אנטשיידנ צו פארשטארקנ די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט, ווײַל אונדזערע זיגנ אפ אלע

---

[1]) רערע פונ סעקרעטאר פונ צ.ק. ק.פ.(ב)וו. אפנ פארברייטערטנ פלענום פונ אָרגקאָמיטעט פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער אינ וו.ס.ס.ר., דעם 28 פעווראל 1933 י. געקירצט.

געביטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, דערונטער אויכ אינ געביט פונ דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער בויונג, אַרויסשטויסנדיק די רעשטלעכ פונ די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטנ פונ זייערע פּאָזיציעס, האָבנ ניט געקענט ניט פאַרשטאַרקנ זייער ווידערשטאַנד.

דער כ׳ סטאַלינ האָט ניט איינמאָל אָנגעוויזנ, אַז „דאָס פאַרניכטנ די קלאַסנ ווערט דערגרייכט ניט דורכדעמ, וואָס דער קלאַסנקאַמפּ וועט אויסגעלאָשנ ווערנ, נאָר דורכ זײַנ פאַרשטאַרקונג. די אָפּשטאַרבונג פונ דער מעלוכע קומט פאָר ניט דורכ דער אָפּשוואַכונג פונ דער מעלוכישער מאַכט, נאָר דורכ דער מאַקסימאַלער פאַרשטאַרקונג, וואָס איז נייטיק, כדי צו דערשלאָגנ די רעשטלעכ פונ די אָפּשטאַרבנדיקע קלאַסנ און אָרגאַניזירנ אַ שוצ קעגנ דער קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג, וואָס איז נאָכ ווײַט ניט פאַרניכטעט“. (סטאַלינ).

דער סאַבאָטאַזש פונ די לאַנדווירטשאַפטלעכע פאַרגרייטונגענ, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרנ דורכנ באַלעגופּנטומ, די אַקטנ פונ שעדיקערײַ, וואָס זײַנענ אויפגעדעקט געוואָרנ פאַר דער לעצטער צײַט אינ אַ ריי רונגענ פונעמ סאָוועטישנ אַפּאַראַט, די באַדײַטנדיקע פאַרמיסטיקטקײַט פונעמ סאָוועטישנ, ווירטשאַפטלעכנ און קאָאָפּעראַטיוונ אַפּאַראַט, די פאַרמיסטיקטקײַט פונ די סאָווירטנ און קאָלווירטנ, און ענדלעכ די קלאַסנ־פײַנטלעכע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אָפּענע און פאַרמאַסקירטע אַרויסטרעטונגענ, וואָס האָבנ געהאַט אַנ אָרט אויפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט אינ ו.ס.ס.ר.—אינ דער וויסנשאַפט און ליטעראַטור—זאָגנ איידעס וועגנ דעמ, אַז עס אַקטיוויזירט זיכ און עס פאַרשטאַרקט זיכ דער ווידערשטאַנד פונעמ קלאַסנ־סוינע.

עס איז נייטיק דערמאָנענ די אָנווײַזונג פונ כ׳ סטאַלינ, אַז מיר, דערונטער אויכ די אָנפירנדיקע און צענטראַלע פאַרטיי־שע און סאָוועטישע אָרגאַנענ פונ ו.ס.ס.ר., האָבנ ניט דיסקאָנטירט דאָס נײַע, וואָס עס האָט אַרײַנגעטראָגנ די נײַע אומגעבונג אינ די פּראָצעסנ פונ קלאַסנקאַמפּ, די נײַע מאַנעווערעס, די נײַע טאַקטיק, וועלכע עס ווענדט אָנ דער קלאַסנ־פוינע. די אָפּענע פּאָנעמ־על־פּאָנעמדיקע אַטאַקעס פאַרבײַט דער סוינע אויפ דער טאַקטיק פונ „שטיל אונטערגראָבנ זיכ“, גייענדיק מיט אַרומיקע וועגנ, צײַטנווײַז זייער געניט און ראַפינירט, מאַסקירנדיק זיכ, פאַרדעקנדיק זיכ צײַטנווײַס מיט דער מאַסקע פונ אַ „פאַרטיידיקער“ פונ דער אַלגעמיינער פּראָלעטאַרישער זאַכ, דער זאַכ פונ קאָלעקטיוויזאַציע. אַלס „פאַרטיידיקער“ פונ דער גענעראַלער פאַרטיי־ליניע, פאַרדעקנדיק זיכ אָפט מיט דער פאַלש־נאַציאָנאַלער פאָנ, פירט דער קלאַסנ־סוינע זײַנ שעדיקערישע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אַרבעט אינ די אונטערנעמונגענ, קאָלווירטנ, סאָווירטנ און אַנשטאַלטנ, צוזאַמענשליסנדיק זיכ מיט די בורזשואַזע איבערגעבוירטלער אינ דער פאַרטיי.

די קלאַסנ־פײַנטלעכע עסערישע, נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע, טראָצקיסטישע, רעכט־אָפּאָרטוניסטישע און בונדישע אַרויסטרעטונגענ, וואָס האָבנ געהאַט אַנ אָרט פאַרנ לעצטנ פּעריאָד אינ ו.ס.ס.ר. אינ געביט פונ דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער בויונג, זאָגנ איידעס וועגנ דער אַקטיוויזאַציע פונ די אַנטיסאָוועטישע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע עלעמענטנ. מיר קענענ עס ניט ניט אָפּשאַצנ אינ ענגער פאַרבינדונג מיט די פאַקטנ פונ דער שעדיקערי־שער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער אַרבעט, וואָס זײַנענ אויפגעדעקט געוואָרנ דורכ די אָרגאַנענ פונ ג.פ.או. אינ דער לאַנדווירטשאַפט, מיט דער שעדיקערײַ, וואָס איז געווענ געווענדעט אויפ אַראָפּרײַסנ די פּאָליטיק פונ דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פונ דער לאַנדווירטשאַפט, אויפ אַראָפּרײַסנ די סאָווירטישע און קאָלווירטישע בויונג.

## נאַציאָנאַלע פאָרם און סאָציאַליסטישער אינהאַלט

מיר האָבן אויך א רײ ניט קיין ריכטיקע אַרויסטרעטונגען פון אײניקע אָנפירנדיקע טוער, פרווון, אין קעגנזאַץ פון דער לעניניסטער אײַנשטעלונג, אָפּרײַסן די נאַציאָנאַלע פאָרם פון סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַרישן אינהאַלט. אײַך זײַנען באַקאַנט לענינס און סטאַלינס פּילמאָליקע אַרויסזאָגונגען װעגן דער פראַגע פון דער נאַציאָנאַלער קולטור.

באַהאַנדלענדיק די פּראָבלעם פון בעסער אָפּקלײַבן, קריטיש איבעראַרבעטן און באַהערשן די קולטור־ירושע, דאָס בעסטע, װאָס איז געשאַפן געװאָרן דורך דער מענטשהײַט אין דער פאַרגאַנגענהײַט, קען מען זיך ניט פאַרשליסן אין די ראַמען בלויז פון דער געגעבענער נאַציאָנאַלער קולטור. נאָך אין פאָריקן יאָר האָט דער מאַרט־פּלענום פון צ.ק. און צ.ק.ק. געהאַלטן פאַר נייטיק צו פאַרשאַרפן די אויפמערקזאַמקײַט אויף דער געפאַר פון דער נאַציאָנאַלער פּראָווינציעלער באַגרענעצטקײַט.

„דער פאַרייניקטער פּלענום פון צ.ק. און צ.ק.ק. װײַזט אָן, אַז די װײַטערדיקע דערפאָלגרײַכע אַנטוויקלונג פון דער װײַסרוסישער קולטור, קונסט, ליטעראַטור פאָדערט, אַז די װײַסרוסישע סאָציאַליסטישע קולטור, װאָס בויט זיך איצט, זאָל ברייט אויסנוצן און קריטיש דורכאַרבעטן אַלע אויפֿצרעס פון דער אַלװעלטלעכער קולטור. עס פאָדערט זיך אַנטשיידן צערײַסן מיט די רעשטלעך פון דער פּראָווינציעלער באַגרענעצטקײַט, עס פאָדערט אַן ענגע און ברידערלעכע מיטאַרבעטערשאַפט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון פ.ס.ס.ר., שאַפן נײַע קולטור־אויפֿצרעס, װאָס זײַנען װערט אונדזער גרויסער עפּאָכע, װאָס זײַנען װערט דער שאַפונג פון דעם גרויסן קלאַס, דעם פּראָלעטאַריאַט“.

עס איז נייטיק צוגיין צו דער פּראָבלעם פון באַהערשן די קולטור־ירושע מיט דער לענינישער אײַנשטעלונג, װאָס האָט בעדייע קריטיש דורכאַרבעטן די ירושע און האָבן א דיפערענצירטן צוגאַנג צו איר. אויסקשטעלנדיק דעם לאָזונג פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער קולטור פון דעמאָקראַטיזם און פון דער אַלװעלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג, נעמען מיר פון י ע ד ע ר נאַציאָנאַלער קולטור בלויז — אירע דעמאָקראַטישע און אירע סאָציאַליסטישע עלעמענטן, מיר נעמען זיי ב ל ו י ז און אומבאַדינגט אַלס קעגנזאַץ צו דער בורזשואַזער קולטור, דעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם פון י ע ד ע ר נאַציע“ (לענין. „קריטישע נאָטיצן װעגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע“. אונטערגעשטראָכן בא לענינען).

ענדלעך, דאַרף איך זיך פאַרופן אויף דער אויסשעפּנדיקער פאָרמולירונג פון דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי אין די פראַגעס פון דער נאַציאָנאַלער קולטור, װעלכע עס האָט געגעבן דער ח׳ סטאַלין:

„מיר האָבן געהאַלטן דעם לאָזונג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור אין דער עפּאָכע, װען עס האָט געהערשט די בורזשואַזיע, פאַר א בורזשואַזן לאָזונג. פאַרוואָס? דערפאַר, װײַל דער לאָזונג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור אין פעריאָד, װען עס הערשט די בורזשואַזיע, באַטײַט גײַסטיק אונטערוואַרפן די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די נאַציאָנאַליטעטן אונטער דער אָנפירונג פון דער בורזשואַזיע, איר הערשאַפט, איר דיקטאַטור. נאָכדעם, װי דער פּראָלעטאַריאַט האָט גענומען די מאַכט, האָבן מיר דעקלאַרירט דעם לאָזונג פון אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע קולטור פון די פעלקער פון פ.ס.ס.ר. אויפן גרונט פון די סאָוועטן. װאָס באַטײַט עס? דאָס באַטײַט, אַז מיר פּאַסן צו די אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור צװישן די פעלקער פון פ.ס.ס.ר. צו די אינטערעסן, צו די באַדערפעניש פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, צו די אינטערעסן און באַדערפענישן פון די אַרבעטנדיקע נאַציאָנאַליטעטן

פונ פ.ס.ס.ר. צי באטײַט עס, אז מיר זײַנעו איצט קעגנ דער נאציאָנאלער קולטור ביכלאל? ניינ, דאָס באטײַט ניט. דאָס באטײַט בלויז, אז מיר זײַנעו איצט פאר אנטוויקלענ די נאציאָנאלע קולטור פונ די פעלקער פונ פ.ס.ס.ר., די נאציאָנאלע שפראכ, שול, פרעסע א.א.וו. אפנ גרונט פונ די סאָוועטנ. אונ וואָס באטײַט די באמערקונג „אפנ גרונט פונ די סאָוועטנ"? דאָס באטײַט, אז לויט איר אינהאלט דארפ די קולטור פונ די פעלקער פונ פ.ס.ס.ר., וועלכע עס אנטוויקלט די סאָוועטנמאכט, זײַנ א קולטור אנ אלגעמיינע פאר אלע ארבעטנדיקע, א קולטור א סאָציאליסטישע; לויט איר פאָרמ אָבער איז זי איצט אונ וועט זײַנ א קולטור ניט קיינ גלײַכע פאר אלע פעלקער פונ פ.ס.ס.ר., א קולטור א נאציאָנאלע, א קולטור א פארשיידענע פאר די פעלקער פונ פ.ס.ס.ר. אינ העסקעמ מיט דעמ אונטערשייד אינ דער שפראכ אונ די נאציאָנאלע באזונדערקײַטנ".

אינ דערדאָזיקער קלאסישער פאָרמולירונג האָט דער כ' סטאלינ באגרינדעט די לענינישע פאָליטיק פונ דער פארטיי, וואָס ווערט דורכגעפירט דורכ דער פארטיי אונ סאָוועטנמאכט פונ סאמע אָנהייב פונ דער רעוואָליוציע.

## די אקטיוויזאציע פונ די שאָוויניסטנ פונ אלע קאָלירנ

פאר דער לעצטער צײַט האָבנ מיר אויכ א ריי פאקטנ, וואָס זאָגנ איידעס וועגנ דעמ, אז עס אקטיוויזירנ זיכ די גרויסרוסישע שאָוויניסטנ. איכ וועל ניט ברענגענ קיינ אויסצוגנ פונ ערענבורגס לעצטנ בוכ „וויזא ווערעמעני", ווײַל דידאָזיקע אויסצוגנ זײַנענ אײַכ געוויס באקאַנט.

דערדאָזיקער שרײַבער סמאקעוועס „די אויסגעצייכנטע מוסטערנ פונ דער גרויסהערשערישער קונסט". „די גרויסהערשערישע קונסט,—שרײַבט ער,—איז ניט נאָר רײַכער, ברייטער לויטנ פארמעסט, זי איז ניט נאָר שטארקער פאר דער פראָווינציעלער קונסט, זי איז פאָשעטער, שטרענגער, קליגער פאר איר".

אָט לאָזט ארויס דער פארלאג „אקאדעמיע" אינ 1932 י. אפנ 15־טנ יאָר פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע א ביכל פונ מ. א. ריבניקאָוו „רעטעניש". אינ דעמדאָזיקנ ביכל, אינעמ אָפטייל „ווײַסרוסישע רעטענישנ", געפינענ מיר פאָלגנדיקע כאראקטעריסטיק, פונ איינעמ פונ די גרעסטע ראַיאָנענ פונ וו.ס.ס.ר., וואָס פאסט פארנ „דימלי מייל": „פאָלעסיע, מאָזירער קרײַז—איז איינער פונ די פארוואָרפטע ראַיאָנענ אינ ווײַסרוסלאנד. צווישנ דער דערוואקסענער באפעלקערונג זײַנענ ארומ 80 פראָצ. אמעראצימ, די קולטורלאָזיקײַט איז קאָנטיק אינ אלצ. געצנדינערישע אבערגלויבענישנ האלטנ זיכ ביז איצט. מענטשנ וויסנ ניט וועגנ אנ אײַזנבאָנ, וואשנ זיכ ניט אינ באָד אינ פארלויפ פונ זייער גאנצנ לעבנ א.א.וו.".

צי דענ איז עס ניט קיינ העסלעכע, גרויסהערשערישע רעכילעס אפ אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, אפ דער גיגאנטישער ארבעט, וועלכע עס האָבנ אָפגעטאָנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ וו.ס.ס.ר., אונטער דער אָנפירונג פונ דער ק.פ.(ב)וו., בא דער ברידערלעכער הילפ פונ דעמ גאנצנ סאָוועטנפארבאנד, אפ פארוואנדלענ ווײַסרוסלאנד פונ אנ אָפגעשטאנענער, פינצטערער אונ דערשלאָגענער קאָלאָניע פונ רוסישנ צאריזמ אינ א פאָרגעשריטענער נאציאָנאלער סאָוועטישער רעפובליק?

איכ וועל ברענגענ 2—3 ארויסזאָגונגענ פונ אויסגעשפראָכענע גרויסהערשער בא אונדז אינ וו.ס.ס.ר.

דער פארטיי־מיטגליד קאָרוויאקאָוו, וועלכער ארבעט אינ פאָלקאָמבילד, דערקלערט: „די רוסישע רעוואָליוציע האָט גדארפט מאכנ א רוסישער מענטש—לענינ. פיל האָבנ בעפרווּוט דאָס טאָנ, אָבער דאָס האָט זיכ ניט איינגעגעבנ אונ איז ארויסגעריסנ געוואָרנ. נאָר לענינ, מיט זיינ אינערלעכנ רוסישנ געפיל, מיט זיינ קענענ דאָס רוסישע פאָלק, זיינ געשמאַק, די פסיכיק, האָט עס באוויזנ צו טאָנ. די רוסישע רעוואָליוציע האָט גדארפט פאָרקומענ אינ די רוסישע באדינגונגענ, צוגעפאסט צו זיי אונ צו זייער ספעציפישקייט: דער רוסישער ווינטער, דער פעלצ, די רוּיִקע נאטור, דער כאראקטער פונ דעמ רוסישנ מענטשנ, וואָס איז פרעמד אונ ניט פארשטענדלעכ דעמ קאווקאזער, דעמ גרוזינ, מיט זיינ דאָרעמדיקנ טעמפעראמענט".

אָט איז א צווייטע ארויסטרעטונג פונ א לערער פונ בוי־טעכניקומ: „די ווייסרוסישע שפראכ איז א טריוואָלישע שפראכ. זי איז קיינעמ ניט נייטיק אונ פאטערנ געלט אפ דער־לערנענ זי איז פאָשעט א פארברעכנ. די בעסטע שפראכ—איז די רוסישע שפראכ".

א לערער פונ ווייסרוסישנ פעדטעכניקומ: „די ווייסרוסישע ליטעראטור אונ שפראכ האָט מענ פריִער פארורטיילט. דידאָזיקע שפראכ איז געשאפנ געוואָרנ קינסטלעכ. איכ וועל אוועקפאָרנ אינ ר.ס.פ.ס.ר., וועט ניט אויסקומענ צו אייסעקנ זיכ מיט דער ווייסרוסישער שפראכ. גיימ זי צומ טייוול" א.א.וו.

דאָ, ווי מע זאָגט, זיינענ קאָמענטארנ איבעריק. איכ וויל אייכ בלויז דערמאָנענ אז דער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער גרויסהערשער, וועלכער וויל זיכ ניט „אייסעקנ" מיט דער ווייסרוסישער סאָוועטישער קולטור, איז דעמ טראָצקיסט וואגאניאנס א לייבלעכער, ברודער. דערדאָזיקער שלימאזלדיקער טעאָרעטיקער פונ דער נאציאָנאלער קולטור האָט געשריבנ:

„מע דארפ פאָשעט אָנערקענענ, אז די ליטעראטור פונ די קליינע פעלקער אונ פונ די פריִער־אונטערדריקטע נאציעס גיט ניט קיינ פריילעכנ בילד".

צי ניט פונ דערדאָזיקער טראָצקיסטיש־גרויסהערשערישער אָפשאצונג פונ דער נאציאָנאלער קולטור זיינענ ארויסגעוואקסנ די שעדיקער, וועלכע זיינענ „אָפגעמערקט געוואָרנ" בא אונדז אינ ו.ס.ס.ר. לויט דער ליניע פונ פארשפרייטנ די ווייסרוסישע ביכער אונ זשורנאלנ־פראָדוקציע. איכ האָב בעדייע די קאָלאָסאלע, פאָשעט שעויקערישע פארלעגערונג פונ ווייסרוסישנ ביכל, דאָס אראָפרייסנ די אבאָנירונג אפ ווייסרוסישע זשורנאלנ אונ צייטונגענ. דעמדאָזיקנ פאקט האָט דער צ.ק. פונ דער פארטיי אָפגעשאצט, ווי א בווּלעטע אנטפלעקונג פונ גרויסהערשערישנ אָפנויג.

איכ וועל ניט ברענגענ א ריי ביישפילנ, וואָס זאָגנ איידעס וועגנ דער אקטיוויזאציע פונ ייִדישע שאָוויניסטנ אונ פוילישע נאציאָנאליסטנ. איכ וועל דערמאָנענ די פרווּונ פונ אידעאליזאציע פונ „בונד" אונ אפאָלאָגעטיק פונ ציִעניזמ אינ די ארבעטנ פונ אייניקע ייִדישע וויסנשאפטלעכע טוּער (טשערניאווסקי, אלעקסאנדראָוו, האָלמשטאָק).

מיר האָבנ אויכ פרווּונ צו אידעאליזירנ די פאשיסטישע איבערקערעניש פונ פוילנ אינ 1926 י., אינ דער לעצטער ארבעט פונ באגדאנסקי, באָבראָוויטש, די גראָבע פעלערנ בא קאמענסקענ, ווו ער קריטיקירט דאָס פאשיסטישע ווערק פונעמ באזינגער אונ טרובאדור פונ דער פילסודשטשינע קאָדענ־באנדראָווסקי „שווארצע פליגלענ".

מיר האָבנ לענינס אנ אויסדריקלעכע אָנווייזונג, אז „ווענ עס גייט א רייד וועגנ פראָלעטאריאט, באטייט דאָסדאָזיקע קעגנשטעלנ דער אוקראינישער קולטור (מיר וועלנ צוגעבנ פונ זיכ—אויכ די ווייסרוסישע—ו. זש.) אינגאנצנ גענומענ, דער גרויסרוסישער

קולטור, אויכ אינגאנצנ גענומענ—אפ דעם סאמע אומפארשעמטנ אויפנ פאראטנ די אינטערעסנ פונ פראָלעטאריאט לעטויוועס דעם בורזשואזנ נאציאָנאליזם. עס זײַנענ פאראנ צוויי נאציעס אינ יעדער הײַנטצײַטיקער נאציע, וועלנ מיר זאָגנ אלע נאציאָנאל־סאָציאַלנ. עס זײַנענ פאראנ 2 נאציאָנאלע קולטורנ אינ יעדער נאציאָנאלער קולטור. עס איז פאראנ א גרויסרוסישע קולטור פונ די פורישקעוויטשעס, גוטשקאָוס אונ סטרוווע, אָבער עס איז אויכ פאראנ א גרויסרוסישע קולטור, וואָס עס כאראקטעריזירט זיכ מיט די נעמענ פונ טשערנישעווסקי אונ פלעכאנאָוו".

מע דארפ אויכ דערמאָנענ לענינס אָנווײַזונג וועגנ דעם, אז „די באדײַטונג פונ דעם לאָזונג „נאציאָנאלע קולטור" ווערט אָנגעצייכנט ניט מיט צוזאָגנ, אָדער מיטנ גוטנ מיינ פונ דעם געגעבענעם אינטעליגענטל צו „דערקלערנ" דעמדאָזיקנ לאָזונג..." „די באדײַטונג פונ דעם לאָזונג פונ דער נאציאָנאלער קולטור ווערט אָנגעצייכנט דורכ אָביעקטיווע צווישנפארהעלטענישנ פונ אלע קלאסנ פונ דעם געגעבענעם לאנד אונ פונ אלע לענדער פונ דער וועלט".

בלויז אזא קאָנקרעטע קלאסנ־אוועקשטעלונג פונ די פראָבלעמעס פונ דער נאציאָנאלער קולטור צוזאמענ מיטנ דיסקאָנטירנ „די צווישנפארהעלטענישנ פונ אלע קלאסנ פונ דעם געגעבענעם לאנד אונ פונ אלע לענדער פונ דער וועלט", בעדענקענדיק סטאלינס ווערטער וועגנ דעם, אז „די נאציאָנאלע פראגע איז א טייל פונ דער אלגעמיינער פראגע וועגנ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע", זיכערט די ריכטיקע לענינישע לייזונג פונ דער פראָבלעם וועגנ פאָרם אונ אינהאלט פונ דער נאציאָנאלער קולטור.

מיר וואָלטנ געווענ ניט קיינ באָלשעוויקעס־לענינצעס, ווענ, אנטוויקלענדיק די נאציאָנאלע קולטור, וואָלטנ מיר פארגעסנ, אָפגעריסנ זי פונ דעם פראָלעטארישנ אינהאלט. מיר קענענ פאר קיינ פאל ניט סטימולירנ אזא אנטוויקלונג אונ פארפעסטיקונג פונ דער נאציאָנאלער פאָרם, וואָס ברענגט שאָדנ דעם פראָלעטארישנ אינהאלט, ברענגט שאָדנ דעם פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזם.

שטעלנדיק אנ אנטשיידנדיקנ ווידערשטאנד די אלע, ווער עס שאצט ניט אָפ דידאָזיקע באדײַטונג פונ דער פראָבלעם פונ פאָרם אינ די פראגעס פונ נאציאָנאלער קולטור, ווער עס זעט אינ דער נאציאָנאלער פאָרם בלויז „א רעאקציע פונ דער פארגאנגענהײַט", דארפנ מיר מיט אלע מעגלעכקײַטנ פארשטארקנ דעם סאָציאַליסטישנ אינהאלט.

איר געדענקט, כאווײרים, ווי שארפ דער צ.ק. ק.פ.(ב)ו. האָט פארורטײלט די גרויסהערשערישע פרווונ פונ וואָלפסאָנענ אונ אנדערע צו פאָרשטעלנ דעם ווײַסרוסישנ פאָלקלאָר, דעם ווײַסרוסישנ אָרנאמענט אונ פייזאזש, ווי א ד ו ר כ ו י ס „רעאקציאָנערע יערושע". גלײַכצײַטיק דארפנ מיר אָבער פירנ אפ ווײַטער אנ אנטשיידענעם קאמפ קעגנ דעם נאציאָנאל־דעמאָקראטישנ בורזשואזנ סמאקעווענ די נאציאָנאליסטישע „ווירקלעכ־ווײַסרוסישע" קוקאווקע, דיזעלבע, וואָס קוקיעט אינ באראנאָוויכס „אימפרעסיע" „מאטשינ סינ". אונדזער וועג פונ אופבלי פונ די נאציאָנאלע קולטורנ—דאָס איז ניט קיינ וועג פונ איזאָליאציע אונ פונ נאציאָנאלער אָפגעגרענעצטקײַט, ניט קיינ וועג פונ קינסטלעכ אָפצאמענ די ווײַסרוסישע סאָוועטישע קולטור פונ דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער קולטור. אונדזער וועג איז א וועג פונ „דערנעענטערנ די פראָלעטאריער אונ האלב־פראָלעטאריער פונ פארשיידענע נאציאָנאליטעטנ פארנ געמיינזאמענ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ".

די אידייע פונ „איינמאָל פאר אלעמאָל פאנאנדערצאמענ אלע נאציעס" האָט לענינ, געדענקט איר, אָנגערופנ, א אידייע „פונ א קליינ־בורזשוא, וועלכער איז ארײַנגעפאלנ אינ ייעש".

דער פּלענום פון צ.ק. און צ.ק.ק. האָט אָנגעוויזן אַף דער נייטיקייט טייקעף צו פאַרשטאַרקן די אָנפירונג מיט דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער בוױנג. מע דאַרף אַנטשיידן אויסגלייכן די איבערבויגונגען, איבערפלייצונגען און נאַציאָנאַליסטישע פעלערן, וועלכע מיר האָבן דערלאָזן אין געביט פון שול און קולטורעלער בויונג, אין דער פּרעסע א.א.וו. מע דאַרף ווענדן אַן אויסשליסלעכע אויפמערקזאַמקייט אַף דער פראַגע פון צוגרייטן קאַדרען, פון אויסטיילן יונגע, אויסגעוואַקסענע, אויסגעפרווטע אין דער אַרבעט, ווייסרוסישע, יידישע, פּוילישע און אַנדערע אַרבעטער און קאָלווירטניקעס. צוזאַמען דערמיט דאַרפן מיר ניט אַף קיין איין סעקונדע אָפּשוואַכן דעם קאַמף קעגן דעם גרויסהערשערישן שאָוויניזם, נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיזם, נאַציאָנאַל־אָפּאָרטוניזם, געדענקענדיק די אָנווייזונגען פון כ׳ סטאַלין, אַז „מיר קענען ניט ניט פירן אַ קאַמף אַף צוויי פראָנטן, ווייל בלויז באַם באַדינג פון קאַמף אַף צוויי פראָנטן, קעגן דעם גרויסרוסישן שאָוויניזם פון איין זייט, וואָס איז די גרונט־געפאַר אין אונדזער בוי־אַרבעט, און קעגן דעם אָרטיקן שאָוויניזם—פון דער צווייטער, וועט מען קענען דערגרייכן אַ דערפאָלג, ווייל אָן דעמדאָזיקן צווייזייטיקן קאַמף וועט זיך ניט באַקומען קיין שום צוזאַמענגעשלאָסנקייט צווישן די אַרבעטער און פּויערים פון די רוסישע און פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אין קעגנפאַל קען זיך באַקומען אַ סטימולירונג דעם אָרטיקן שאָוויניזם, די פּאָליטיק פון פּרעמיעס דעם אָרטיקן שאָוויניזם, וואָס דאָס קענען מיר ניט דערלאָזן“.

## דער צושטאַנד פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור

כאַראַקטעריזירנדיק דעם איצטיקן צושטאַנד פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור און קריטיק פון וו.ס.ס.ר., דעם גאַנצן ליטעראַרישן לעבן פון וו.ס.ס.ר., אַרויסרוקנדיק און אונטערשטעלנדיק שלאַכט־פּאָליטישע און קינסטלערישע אויפגאַבעס פאַר דער קינסטלערישער ליטעראַטור אין פּעריאָד פון צווייטן פינפיאָר, איז נייטיק צו אָנווייזן פון פּאָליטישן, קינסטלערישן און שעפערישן שטאַנדפּונקט אַף דעם קאָלאָסאַלן וועג, וואָס עס האָט דורכגעמאַכט די קינסטלערישע ליטעראַטור אין וו.ס.ס.ר.

דער פּלענום פון צ.ק. און צ.ק.ק. ק.פּ.(ב)וו. האָט אַף פאָלגנדיקן אופן אָפּגעשאַצט דידאָזיקע גרויסע דערגרייכונגען אין דעם קינסטלערישן לעבן פון וו.ס.ס.ר.:

„דער פּלענום פון צ.ק. און צ.ק.ק. מערקט אָפּ די גרויסע דערגרייכונגען אַפן געביט פון דער פאַנאַנדערוויקלונג פון דער קונסט אין וו.ס.ס.ר.: קינסטלערישע ליטעראַטור, טעאַטער, קינאָ, מאָלעריי, מוזיק א.א.וו. ס׳איז, עמעס, ניט גענוגנדיק די דערנענטערונג פון דער קונסט, איבערהויפּט די קינסטלערישע ליטעראַטור, טעאַטער, צו די אויפגאַבעס פון דער סאָציאַליסטישער בויונג; דאָסזעלבע דער וואַקסנדיקער אָנטייל פון די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן אין דער בויונג פון דער פּראָלעטאַרישער קונסט אין וו.ס.ס.ר., וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אינעם צורוף פון די אַרבעטער־שלאָגלער און קאָלווירטניקעס אין דער ליטעראַטור און דאָסזעלבע אין קאָלאָסאַלן וווּקס פון דער פאַרינטערעסירונג פון די ברייטע אַרבעטנדיקע מאַסן צו דער ווייסרוסישער ליטעראַטור און טעאַטער“.

דער אַנטשיידענער קער פון דער מערהייט אַלטער אינטעליגענץ צו דער סאָוועטנמאַכט און סאָציאַליסטישער בויונג, האָט געפונען איר אָפּשפּיגלונג אויך באַ אונדז אין וו.ס.ס.ר

אין געביט פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור אין וו.ס.ס.ר. איז דערדאָזיקער קער פון דער מערהייט אַלטע שרייבער־קאַדרען געווען מער באַמערקבאַר דעמאָנסטרירט דאָ

אפנ פארברייטערטנ פלענומ פונ אָרגקאָמיטעט אינ די ארויסטרעטונגענ פונ אזעלכע אלטע פארדינסטפולע מײַסטערס פונ דער ווײַסרוסישער קינסטלערישער ליטעראטור, ווי די פאָלק־פאָעטנ יאנקא קופאלא אונ יאקוב קאָלאס אונ אינ די ארויסטרעטונגענ פונ זארעצקי, ביאדוליע אונ אנד., דאָסזעלבע אינ דער ארויסטרעטונג פונ דעמ באוווסטנ פאָרשטייער פונ דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראטור כ׳ קולבאק.

ס׳איז קלאָר, אז דערדאָזיקער קער האָט זיכ אָנגעהויבנ אסאכ פריִער פארנ פלענומ. דער קער פונ דער מערהײַט אלטע שרײַבער־קאדרענ, דאָס צערײַסנ מיט דער אידעאָלאָגיע פונ בורזשואזנ נאציִאָנאליזמ, נאצדעמאָקראטיזמ—האָט א שײַכעס דאָסזעלבע צו אזעלכע פארייניקונגענ, ווי „אוזווישא״, „פאָלימיא״, וועלכע האָבנ ארויסגעזאָגט אונ אָפּגעשפיגלט פרעמדע שטאנדפונקטנ, ווירקונגענ פונ נאציִאָנאל־דעמאָקראטיזמ, נאצאָפּאָרטוניזמ, קלאסנ־פרעמדע אונ פײַנטלעכע טעאָריעס „קאמפ פונ צוויי קולטורנ״, „גלײַכנ זיכ אפנ פסיכאָלאָגישנ אונ קולטורעלנ מײַרעוו״, טענדענציעס, וועלכע זײַנענ געגאנגענ אונטערנ לאָזונג „ווײַטער פונ מאָסקווע״, אָריִענטירנ זיכ אפנ פאשיסטישנ פוילנ א.א.וו. — דאָס זײַנענ אלצ פאקטנ פונ קאָלאָסאלער באדײַטונג. דאָס געהערט אויכ צו אזעלכע באוווסטע ייִדישע שרײַבער, ווי קולבאק אונ אקסעלראָד, אפ וועמענ עס האָט אינ דער פארגאנגענהײַט געדריקט דער יאָכ פונ נאציִאָנאליזמ אונ יערידע.

אויב מיט 2—3 יאָר צוריק איז ארויסגעקומענ אונדזערע יונגע, קליינע אונ שוואכע פראָלעטארישע שרײַבער־קאדרענ, וועלכע האָבנ זיכ גרופירט ארומ „מאָלאָדניאק״ אונ דערנאָכ אינ „בעלאפּפּ״, צו פירנ אנ אנטשיידענעמ ניט גלײַכמעסיקנ קאמפ פאר דער העגעמאָניע, פאר דער אָנפירנדיקער ראָלע אינ דער ליטעראטור־באוועגונג, איז איצט אונדזער פראָלעטארישע אונ קינסטלערישע ליטעראטור אינ ו.ס.ס.ר. געוואָרנ דער פירנדיקער אָטריאד פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור.

מיט 2—3 יאָר צוריק האָבנ אינ דער ווײַסרוסישער קינסטלערישער ליטעראטור די אָנפירנדיקע ראָלע אינ דער שרײַבער־סוויווע, ווי פונ שטאנדפונקט פונ דער צאָל, אזוי אויכ פונ דער ווירקונג, פארנומענ די קלאסנ־פײַנטלעכע, פרעמדע אונדז נאציִאָנאל־דעמאָקראטישע עלעמענטנ פונ טיפּ דובאָווקא, פושטשא, זארעצקי, דודאר, וועלכע זײַנענ אויכ געשטאנענ אפ די פּאָזיציעס פונ נאצדעמאָקראטיזמ. די נאציִאָנאל־דעמאָקראטישע אידייענ, שטאנדפונקטנ האָבנ זיכ אָפּגעשפיגלט זייער בולעט אינ דער שאפונג פונ אזעלכע שרײַבער, ווי קופאלא, קאָלאס, צישקא הארטני. אינ דער ליטעראטור־קריטיק האָבנ דעמ טאָנ געגעבנ באבארעקא, מ. הארעצקי, או. ציארזשינסקי, פעטוכאָוויטש, זאמאָטינ. איצט האָט זיכ די לאגע אינגאנצנ געענדערט.

אינ וואָס באשטייט דער היסטאָרישער אונ פּאָליטישער טאָכ פונ דער באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פּ.(ב) פארנ 23־טנ אפּרעל פונ פארגאנגענעמ יאָר?

אינ דעמ, וואָס זי באטײַט, אז די מערהײַט סאָוועטישע שרײַבער האָבנ זיכ א קער געטאָנ צו דער סאָוועטנמאכט אונ צו דער סאָציִאליסטישער בויונג אונ אז ס׳וואקסנ פונ די פראָלעטארישע קאדרענ אינ דער ליטעראטור—שרײַבער, וועלכע זײַנענ ארויס פונ ארבעטער־קלאס אונ פונ קאָלווירטישנ פויערטומ.

דאָס פארשטארקנ די גאנצע סאָוועטישע ליטעראטור בא דער אָנפירנדיקער ראָלע פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור איז ניט מעגלעכ מיט די אלטע פאָרמענ פונ ליטעראַרישנ לעבנ.

דאָס האָט געפֿאָדערט צו רעאָרגאַניזירן, ראַדיקאַל איבערבויען די פֿאָרמען פֿון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפֿטלעכקייט, ליקווידירן דעם „וואָאַפּפּ" און שאַפֿן אַן איינהייטלעכן פֿאַרבאַנד פֿון סאָוועטישע שרײַבער.

אין דער היסטאָרישער באַשטימונג פֿון צ.ק. פֿון דער פּאַרטיי פֿאַרן 23־טן אַפּרעל פֿון 1932 יאָר ווערט געזאָגט:

„באַם איצטיקן מאָמענט, ווען ס׳האָבן שוין באַוויזן אויפֿצוּוואַקסן קאַדרען פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור און קונסט, עס האָבן זיך אַרויסגערוקט נײַע שרײַבער און קינסטלער פֿון זאַוואָדן, פֿאַבריקן, קאָלווירטן, ווערן די ראַמען פֿון די עקזיסטירנדיקע פּראָלעטאַריש־ליטעראַריש־קינסטלערישע אָרגאַניזאַציעס („וואָאַפּפּ", „ראַפּפּ", „ראַפּכ") ענגער און טאָרמאָזירן דעם ערנסטן פֿאַרמעסט פֿון דער קינסטלערישער שאַפֿונג. דידאָזיקע לאַגע שאַפֿט אַ געפֿאַר צו פֿאַרוואַנדלען דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס פֿון אַ מיטל פֿון מאַקסימאַלער מאָביליזאַציע פֿון די סאָוועטישע שרײַבער און קינסטלער אַרום די אויפֿגאַבעס פֿון דער סאָציִאַליסטישער בויונג אין אַ מיטל פֿון קולטיווירן די קרײַזלדיקע אײַנגעשלאָסנקייט, פֿון אָפּרײַסן זיך פֿון די פּאָליטישע אויפֿגאַבעס פֿון דער הײַנטצײַטיקייט און פֿון באַדײַטנדיקע גרופּעס שרײַבער און קינסטלער, וועלכע פֿילן מיט דער סאָציִאַליסטישער בויונג".

די גרעסטע היסטאָרישע באַדײַטונג פֿונעם דאָזיקן פּאַרטייִשן דאָקומענט אין דער זאַך פֿון שאַפֿן די סאָציִאַליסטישע קונסט איז געוואָרן קלאָר פֿאַר די סאַמע ברייטע מאַסן פֿון די סאָוו. שרײַבער. די בעסערע שעפֿעריש־אַקטיווע עלעמענטן האָבן זיך טײַקעף אָפּגערופֿן מיט ענטוזיִאַזם אויפֿן רוף פֿון דער פּאַרטיי. ס׳איז אויסגעוואַקסן די געזעלשאַפֿטלעך־ליטעראַרישע אַקטיווקייט פֿונעם סאָוועטישן שרײַבער, אַ כוואַליע פֿון שעפֿערישן שוווּנג האָט זיך דורכגעקײַקלט איבער דער גאַנצער סאָוועטישער ליטעראַטור פֿון פ.ס.ס.ר.

דער שעפֿערישער וווּקס פֿונעם שרײַבער, דאָס שטימען פֿאַר דער באַשטימונג פֿון צ.ק. ניט נאָר מיט אויפֿהייבן די הענט און מיט רעזאָלוציעס, נאָר מיט בענדער ווערק פֿון קאָנקרעטער ליטעראַטור־פּראַקטיק, כאַראַקטעריזירט די גאַנצע קינסטלערישע ליטעראַטור אין פ.ס,ס.ר.

ווען מיר מערקן אָפּ דעמדאָזיקן שטורמישן וווּקס פֿון דער גאַנצער סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראַטור אין פ.ס.ס.ר., דאַרפֿן מיר אין דער ערשטער ריי אָפּמערקן אַזעלכע גרויסע ווערק, ווי „קלים סאַמגינ", „יעגאָר בוליטשאָוו" פֿון מאַקסים גאָרקי, „צעקלאַפּט"—פֿאַדייעוו, „געהויבענער רוי־ערד"—שאָלאָכאָוו, „ברוסקי"—פּאַנפֿיאָראָוו, „דער אײַזערנער שטראָם"—סעראַפֿימאָוויטש, איבערברוכ"—סטאַווסקי, „סקוטאַרעווסקי"—לעאָנאָוו און אַ ריי אַנדערע.

אין דער אוקראַיִנישער סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראַטור האָבן מיר פֿאַרן לעצטן פּעריִאָד אויך אַ ריי גרויסע ווערק. עס איז גענוג צו איבערעכענען די נעמען פֿון מיקיטענקאָ, קוליש, פּאַנטש, איוואַנ לע, אירטשאַנ, פּעפּער, קעדיי צו זען דעם גרויסן וווּקס פֿון דער ברידערלעכער אוקראַיִנישער ליטעראַטור.

ס׳איז אויך אומבאַשטרײַטבאַר דער וווּקס פֿון דער קינסטלערישער ליטעראַטור אין ו.ס.ס.ר. עס איז גענוג צו אָנווײַזן אַזעלכע ווערק, ווי „הײמלאַנד"—קוזמאַ טשאָרני, „אויפֿגערודערטע פֿעלדער"—פּ. גאָלאָוואַטש, „מיאַדוועדיטשי"—קראַפּיווא, „אַ דערטרונקענער, שווימט איבערן ווײַסל"—קופּאַלאַ, „אַדשטשאַפּענעצ"—קאָלאַס, די ווערק פֿון טשאַראָט, לינקאָוו, אַלעקסאַנדראָוויטש, האַרטני, קאָבעצ, בראָווקאַ, גלעבקאָ, כאַדיקאַ, די ווערק פֿון דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור, „קײַלעכדיקע וואָכנ"—כאַריק, „טשמעלד האַראָלד

פון דיסנע״—קולבאק, די ווערק פון אקסעלראָד, הארצמאן, קאמענעצקי, טײפ, דאָלגאָפאָלסקי, יודלסאָן, ליפשיץ.

עס וואקסן אויך די נײַע קאדרען שרײַבער פון די זאוואָדן און פאבריקן: זשעליעזניאק, סאבאלענקאָ, שוויידעל, נאָרדמאן, באטושקאָוו, דעכטיאר, רייזין, קאצאָוויטש און אנד.

## וועגן דער ליִטעראטור פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד

אפן פאָן פונעם קאָלאָסאלן וווּקס פון דער סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראטור אין ו.ס.ס.ר. דערלויבט מיר אינקורצן זיך אָפּשטעלן אפ דער לאגע פון דער קינסטלערישער ליטעראטור אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד.

די רעוואָליוציאָנערע פאָעטן און שרײַבער פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד—דאָס זײַנען די אומיטלבארע אָנטיילנעמער פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, אקטיווע און ׳ענערגישע אָנטיילנעמער אינעם טעגלעכן קאמף פון די ארבעטער־פויערישע מאסן, וועלכע פירן, אונטער דער אָנפירונג פון ק.פּ.מ.וו., א רעוואָליוציאָנערן קאמף פאר זייער סאָציאַלער און נאציאָנאלער באפרײַונג.

די רעוואָליוציאָנערע ליטעראטור פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד קאָן פאָרגעשטעלט ווערן מיט אזעלכע ווערק, ווי די זאמלונג „אפ די אונטערדריקטע פעלדער״—ראדזעוויטש, א זאמלונג „אומבאזיגבארע״—טאוולײַ, א ריי דערציילונגען פון סוויטקא, „לוקישקי״—סאָלאָגוב, „די פריצים דארף מען פארניכטן מיטאמאָל״—פראָלעסקי און אנד.

מע דארף אָפּמערקן די נישטיקײַט סײַ פון שטאנדפונקט פון קוואליטעט, סײַ אין צאָל פון דער נאצדעמישער און נאציאָנאל־פאשיסטישער ליטעראטור אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד. דאָס איבערזינגען די „נאשאניווישע״ מאָטיוון, דעקאדענטישקײַט, באָהעמע, אידייִשער טעמפער ווינקל—דאָס איז דער הויפּט־אינהאלט פון דער נאציאָנאל־פאשיסטישער ליטעראטור אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד. אין דעם זין איז כאראקטעריסטיש די זאמלונג ווערק פון פיאָדאָר איליאשעוויטש—איינער פון די מער פייִקסטע בורזשואזע מײַרעוו־ווײַסרוסישע שרײַבער.

מע דארף אונטערשטרײַכן, אז אין אונדזער ווײַסרוסישער סאָוועטישער קינסטלערישער ליטעראטור ווערט זייער שוואך אָפּגעשפּיגלט דער העראָישער רעוואָליוציאָנערער קאמף, וואָס ווערט געפירט דורך די ארבעטער און פויערים פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד קעגן דעם פוילישן פאשיזם. מע דארף אויך אָנווײַזן אפ דער ניטגענוגנדיקער פארבינדונג פון אונדזערע סאָוועטישע שרײַבער מיט זייערע ברידער לויטן קלאס און פען—מיט די שרײַבער פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד.

## באווײַזן די פראָצעסן פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער בויונג

איצט דערלויבט מיר זיך אָפּשטעלן מער קאָנקרעט אפ באזונדערע ווײַסרוסישע סאָוועטישע שרײַבער.

אין דער שאפונג פון קוזמא טשאָרני האָבן מיר פארן לעצטן פעריאָד א באדײַטנדיקן קער, א באדײַטנדיקע איבערבויונג פונעם שרײַבער. זײַן „הימלאנד״, זײַן „דעם בריגאדירס דערציילונגען״ זײַנען אן אָנשוילעכער באווײַז פון דערדאָזיקער שעפערישער איבערבויונג פונעם שרײַבער.

אין דער שאפונג פון קראפּיוואַ האָבן מיר אויך באדײַטנדיקע פּאָזיטיווע איבערוקן.

ריידנדיק וועגן דער שאַפונג פון יאַנקאַ קופּאַלאַ, קענען מיר ניט ניט אָפּמערקן די אַרבעט, וועלכע ס'האָט דורכגעמאַכט דער שרייַבער אַפן וועג פון זייַן שעפערישער איבערבויונג.

מע דאַרף ווינטשן דעם כ׳ קופּאַלאַ, ער זאָל מער אַנטשיידן ביזן סאָף איבערקוקן יענע „אַלטע מאַסע״, וואָס ליגט נאָך ביז איצט אַף אים און פאַר וועלכער עס פאַרטשעפּען זיך די סאָנים פון ו.ס.ס.ר. פון טיפּ סידאָרענקאָ־פּענאָטשקין, ניקאַנאָוויטש און אַנד. די אַרבעטנדיקע פון ו.ס.ס.ר. קענען קופּאַלאַן. זיי ווייסן, אַז ער איז אַ גרויסער מייַסטער פונעם ווייַסרוסישן וואָרט, אַ גרויסער קינסטלער, אַז ער קען אין שטאַרקע און העלע פאַרבן באַזינגען, אָפּשפּיגלען די העלדישע היסטאָרישע אַרבעט, וועלכע עס פירן די אַרבעטער און פּויערים פון סאָוועטנווייַסרוסלאַנד אין קאַמף פאַר דער אָנקלאַסאָווער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, אין קאַמף פאַר בויען אַ ווייַסרוסישע קולטור, וואָס איז נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם און סאָציאַליסטיש לויטן אינהאַלט.

מע דאַרף אָפּמערקן די באַדייַטנדיקע איבערבויונג סייַ לויט דער שעפערישער ליניע, סייַ לויט דער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער ליניע (אין דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון ווייַסרוסלאַנד), וועלכע עס האָט דורכגעמאַכט און מאַכט דורך דער פאָלק־פּאָעט יאַקוב קאָלאַס. זייַן אַרויסטרעטונג בייַסן פייַערן זייַן 50־יאָריקן יובּילײ און די אַרויסטרעטונג אַפן געגעבענעם פּלענום פון אָרגקאָמיטעט זאָגט אייַדעס, אַז דער גרויסער עלטערער שרייַבער צערייַסט מיט זייַנע פריערדיקע אָנשויונגען און שליסט זיך אייַן אין פּראָצעס פון דער סאָציאַליסטישער בויונג.

מיכאַס זאַרעצקי געהערט צו דער צאָל שרייַבער מיט באַדייַטנדיקע קינסטלעריש־שעפערישע מעגלעכקייַטן און צוזאַמען מיט דעם אויך מיט נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע אייַנשטעלונגען אין דער פאַרגאַנגענהייַט. אין דער פאַרגאַנגענהייַט איז זאַרעצקי—אַ קלייַנבירגערלעכער ראָמאַנטיקער, אַ דיכטער פון די פּרישטשעפּאָווישע כוטערס.

אין זייַן לעצטן ראָמאַן „וויאַזמאָ״ מאַכט דער אווטער אַ טראָט פאָרויס אַפן וועג פון שעפערישער איבערבויונג, אָבער צוזאַמען דערמיט דאַרף מען אָנווייַזן, אַז די סאָוו. געזעלשאַפטלעכקייַט האָט געוואַרט און וואַרט פון זאַרעצקען אַ מער טיפערן ברייטערן ווערק לויטן מאַסשטאַב. דער אווטער איז ביז דער לעצטער צייַט נאָך ניט אָפּגעגאַנגען פונעם קלייַנבירגערלעכן ראָמאַנטיזם און אידעאַליסטישן הומאַניזם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם לעצטן ראָמאַן.

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור פון ו.ס.ס.ר. איז אויך באַרייַכערט געוואָרן פאַר דער לעצטער צייַט מיט אַ ריי גרויסע קינסטלערישע ווערק. דאָס נייַע גרויסע ווערק פון אי. כאַריק „קייַלעכדיקע וואָכן״ וויקלט פונאַנדער אַ פּאַטעטישע פּאַנאָראַמע פון דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פון ו.ס.ס.ר. דער כ׳ כאַריק—איינער פון די מער טאַלאַנטפולסטע ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרייַבער פון ו.ס.ס.ר. — קלאַפּט איבערן ייִדישן און ווייַסרוסישן נאַצדעמאָקראַטיזם און באַווייַזט די העראָיִק פון סאָציאַליסטישן „אוראַל״.

דאָס לעצטע ווערק פון מ. קולבאַק „טשײַלד האַראָלד פון דיסנע״ זאָגט אייַדעס, אַז מ. קולבאַק באַוועגט זיך פאָרויס, אַראָפּוואַרפנדיק פון זייַנע פּלייצעס די נאַציאָנאַליסטישע און קלייַנבירגערלעכע מאַסע פון דער פאַרגאַנגענהייַט. אַ באַשטימטן שעפערישן און אידייִשן וווּקס ווייַזט אַרויס דער ייִדישער פּאָעט אַקסעלראָד, וועלכער באַפרייַט זיך פון די קלייַנבירגערלעכע יערידע־שטימונגען. דאָלגאָפּאָלסקיס נייַער ראָמאַן „זייַדע״ באַווייַזט דעם וווּקס פונעם שרייַבער אַף אַקטועלער טעמאַטיק. עס וואַקסט דאָס ליטעראַרישע

יונגוואַרג, וועלכע האָט שוין ארויסגערוקט פון זיינע רייען א גרופע טאַלאַנטפולע פּאָעטן — הארצמאַן, קאמענעצקי, טייפ.

איך ווענד זיך מיט א רוף צו אונדזערע שרייבער געבן אונדזערע טעאטערס, אונדזערע קינאָען פּיעסן, קינאָ־סצענאַריעס, וואָס זאָלן שטיין אפן ניוואָ פון די אויסגעוואַקסענע קינסטלערישע און פּאָליטישע פאָדערונגען פון די ארבעטער־ און פויערים־מאסן, פּיעסן און סצענאַריעס, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען די פּראָצעסן פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער בויונג.

צוזאמען מיט דעם דארפן אונדזערע שרייבער אײַנשליסן זיך אין דער זאך פון שאפן א הויכע קינסטלערישע אידייִש־אָנגעזעטיקטע יוגנטלעכע און קינדער־ליטעראטור.

## פארשטארקן די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקייט

מיר קענען אָבער ניט פארבייגיין די קלאסן־פייַנטלעכע, אָפּן־רעוואַנשיסטישע ארויסטרעטונגען פון די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע נאצדעמען, וואָס האָבן געהאט אן אָרט פארן לעצטן פעריאָד אין וו.ס.ס.ר.

אויסנוצנדיק די ניטגענוגנדיקע פּאָליטישע וואכזאמקייט פון אונדזערע רעדאקציעס, פארלאגן, גלאַווליט, פון אָרגקאָמיטעט פון שרייבער־פארבאנד, האָבן די בורזשואַז־באַלעגופישע עלעמענטן אָנגעהויבן א קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן אָנגריף אפן ליטעראטור־פראָנט.

א בוילעטע אנטפּלעקונג פון דעם זיינען די ארויסטרעטונגען פון סידאָרענקאָ־פּענאָטשקין, באראנאָוויטש און ניקאנאָוויטש. סידאָרענקאָ, ער אויך פּענאָטשקין, האָט געפּרווט, ווי איינ איז באוווסט, אָנלעבן זיך א נאצדעמאָקראטישן קאפּיטאל אפן יובילײ פון יאנקא קופּאלא.

באם דיכטער באדיקא טרעט ארויס דער באלעגופ ווי א „ליידנדיקער". דער הימל פּארגיסט „קליינע טראָפּנס טרערן" איבער זיין „אומגליקלעכן גורל" — ד. ה. איבערן אנטבאלעגופעווען אים. ווענען, אויב ניט דעם קלאסן־סוינע דינט אזא „הומאניסטישער" באוויינען די פּראָצעסן פון ליקווידירן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס?

דער פּאָעט קליאשטאָרני זינגט איבער די „נאשאניוּוישע" מאָטיוון פון א „ווייסרוס", וועלכער „איז אוועק אפ פרעמדער ערד", ער אָנערקענט אָפן, אז ער פארשטייט ניט דעם ארום, אז ער וויל ניט פארשטיין.

דער וויַיטערדיקער אנטוויקלונג און וווּקס פון דער סאָוועטישער ליטעראטור שטערן די פעלערן, און די טעאָרעטישע, שעפערישע און פּאָליטישע ארויסזאָגונגען און אָנשוויונגען פון א ריי געוועזענע אָנפירונג־טוער פון דער געוועזענער „ראפּפּ", פון אונדזער „בעלאפּפּ", באזונדערס די פעלערן פון די כ״כ קוטשער און בענדע, אויב מע זאָל ריידן וועגן וו.ס.ס.ר.

צו די פעלערן פון שעפערישן כאראקטער, וועלכע זיינען געווען ברייט פארשפּרייט, געהערט די שטעלונג אפן אינדיווידועלן פּסיכאָלאָגיזם. דערדאָזיקער פעלער פון פילאָסאָפישן כאראקטער, וואָס האָט געפונען זיין בוילעטן אויסדרוק אין דער אווערבאכישער איינשטעלונג, אז „דער אנאליז פון דער אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע איז דער בעסטער וועג פון דער ליטעראטור אינעם פארשטיין די סאָציאַלע פּסיכאָלאָגיע". דאָ איז יעדערן פארשטענדלעך, אז עס ווערט באהויפּטעט דער פּרימאט פון סוביעקט איבערן אָביעקט, די זאכן ווערן אוועקגעשטעלט אפ די קעפּ — אינעם סטיל פון פארענדיקטן אידעאליזם.

די געפאר פון דער טעאָריע וועגן „לעבעדיקן מענטשן" איז ביז איצט נאָך ניט פארשוונדן אין אונדזער ליטעראטור, זי דראָט איבערהויפּט זארעצקען (ווי ער באווייזט א ריי פערסאָנאַזשן אין „וויאזמאָ").

אלס וויכטיקסטנ מעטאָדאָלאָגישנ און פּאָליטישנ פעלער דארפ מענ האלטנ דעמ וולגאריזאטערישנ לאָזונג פונ דעמ דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישנ שעפערישנ מעטאָד אינ דער ליטעראטור, אלס דעמ איינציקנ שעפערישנ מעטאָד. דערדאָזיקער לאָזונג האָט וולגאריזאטעריש אראָפּגענומענ די פּראָבלעמ פונ ספּעציפיק פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור און האָט געגעבנ א „טעאָרעטישע“ באזע פאר דער „האלאָבליע“־קריטיק, פארנ אדמיניסטרירעווענ אפנ ליטעראטור־פראָנט.

פונדאנענ שטאמט אויכ דער טעאָרעטיש־פאלשער, פּאָליטיש־שעדלעכער לאָזונג: „א פארבינדעטער אָדער א סוינע“, וועלכער האָט געבראכט די „ראפּפּ“־אָרגאניזאציע צו איזאָלירנ זיכ פונ די גרונט־שרײַבערישע מאסנ. די אָנווײַזונגענ פונ כ' סטאלינ וועגנ דעמ קער אינ די רייענ פונ דער אלטער טעכנישער אינטעליגענצ זײַנענ איגנאָרירט געוואָרנ דורכ דער אָנפירונג פונ „וואָאפּפּ“ און „ראפּפּ“ מיטנ טערעצ, אז „מע קענ ניט דורכפירנ קיינ מעכאניסטישע אנאלאָגיע“ און, אז פארנ שרײַבער אנטשטייענ, קלוימערשט, „ספּעציפישע שוועריקײַטנ“ פונ איבערבויונג, ווי עס האָט געשריבנ דער כ' סעליוואנאָווסקי.

איכ וועל אויכ דערמאָנענ וועגנ דער ניטלענינישער שטעלונג פונ דער פּראָבלעמ פונ דער פּראָלעטאריש־סאָציאליסטישער קולטור אינ דער אלטער „ראפּפּ“־קריטיק (באמ כ' אווערבאכ). דאָס איז פאקטיש א באָגדאנאָווישער אײַנרײַס צווישנ דער פּראָלעטארישער און סאָציאליסטישער קולטור.

## דער לאָזונג פונ סאָציאליסטישנ רעאליזמ איז דער לאָזונג פונ קאָנקרעטער שעפערישער ארבעט

די אקטועלסטע אויפגאבע פונ דער איבערבויונג באשטייט, אינ דער ערשטער רײ, אינ דעמ, אז מיר זאָלנ אנטשיידנ און ענדגילטיק פארענדיקנ מיט דידאָזיקע פעלערנ פונ „ראפּפּ“ און „בעלאפּפּ“, פארענדיקנ ערנסט, אינ טאָכ, אָבער ניט פאָרמעל. אפנ גרונט פונ די באשלוסנ פונ צ.ק. אל.ק.פּ.(ב), צ.ק. ק.פּ.(ב)וו., פונ די פּלענומענ פונ די אָרגקאָמיטעטנ פונ די שרײַבער־פארבאנדנ דערשלאָגנ זיכ צו א פולשטענדיקע און אנטשיידענע איבערבויונג אינ דער אָנפירונג מיט דער ליטעראטור־באוועגונג, איבערבויענ די צווישנבאציִונגענ צווישנ די שרײַבער קאָמוניסטנ און אומפּארטייִשע.

דער לאָזונג פאר דער סאָציאליסטישער ליטעראטור, פאר די „מאגניטבויענ פונ דער ליטעראטור“ דארפ ווערנ א פאָנ פונעמ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ וו.ס.ס.ר. אונדזער סאָוועטיש־קינסטלערישע ליטעראטור דארפ ווערנ אנ אקטיווע געווער פונ דער פּארטיי אינ קאמפּ פאר פארענדיקנ די טעכנישע רעקאָנסטרוקציע פונ דער גאנצער פאָלקווירטשאפט, פאר פארניכטנ די קלאסנ, פאר פארניכטנ די ווידערשפּרוכנ צווישנ שטאָט און דאָרפ, פאר פאָרמירנ דעמ נײַעמ מענטשנ פונ דער אָנקלאסאָווער סאָציאליסטישער געזעלשאפט.

צוזאמענ דערמיט דארפ אונדזער סאָוועטישע ליטעראטור אקטיוו, מיט דער גאנצער שטימ אָפּרופנ זיכ סײַ אפ די היסטאָרישע אויפגאבעס פונ דער פּארטיי, סײַ אפ די שלאכט־אקטועלע אויפגאבעס פונעמ הײַנטיקנ טאָג.

די ארויסטרעטונגענ פונ כ' סטאלינ אפנ לעצטנ פּלענומ פונ צ.ק. און צ.ק.ק. גיבנ א רײַכנ פילפארביקנ מאטעריאל פארנ שרײַבער. עס האנדלט זיכ וועגנ באווײַזנ, אָפּשפּיגלענ די איבערוקנ, וואָס זײַנענ פאָרגעקומענ אינעמ ווירטשאפטלעכנ, פּאָליטישנ צושטאנד

פון סאָוועטנפארבאנד, פון באַזונדערע טיילן פון פ.ס.ס.ר., אין דער צאָל אויך אין ו.ס.ס.ר., אָפּשפּיגלען די נײַע צווישנבאַציִונגען, וואָס שאפן זיך צווישן אונדזער וואקסנדיקן לאנד און דעם פוילנדיקן מײַרעוו, וועלכער טרעט אַרײַן אין א נײַער עפּאָכע פון מילכאָמעס און רעוואָליוציעס, באַווײַזן די נײַע קערן, וואָס קומען פאָר אינעם באַוווּסטזײַן פון די מיליאָניקע מאסן פויערים, וועלכע זײַנען אוועק מיטן קאָלווירטישן וועג; באַווײַזן דעם העלדישן קאמף פון די פאָרגעשריטענע קאָלווירטניקעס, וועלכע קעמפן פאר דער באַשטעטיקונג און פארן ענדגילטיקן זיג פון דער קאָלווירטישער אָרדענונג.

עס האנדלט זיך וועגן געבן אינעם קינסטלערישן ווערק די העלדן פון פינפיאָר, די ארבעטער־שלאָגלער, דעם קאמף פאר באהערשן די פאָרגעשריטענע טעכניק, פאר באהערשן די מעכטיקע אגרעגאטן, צעכן, זאוואָדן, וועלכע שטייען אפן ניוואָ פון דער פאָרגעשריטענער וועלט־טעכניק, באַווײַזן דעם פּראָצעס פון איבערדערציִען די קליינבירגערלעכע עלעמענטן, וועלכע זײַנען געקומען פון דאָרף אפ דער סאָציִאליסטישער פאבריק, זייערע וואקלונגען א.א.וו.

ס'איז נייטיק אויפהייבן די טעמע פון העלדישן קאמף, וועלכן עס פירט דאָס לאנד פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור פאר פארפעסטיקן דאָס סאָציִאליסטישע געזעלשאפטלעכע אייגנטום, די טעמע פון דער איבערראַנדערשנדיקער גרויסער ראָלע פון דער קאָמוניסטישער פארטיי—איר רומפולע געשיכטע, אירע רומפולע העלדישע מײַסים איצט.

דער כ' סטאַלין אין זײַנע ארויסזאָגונגען וועגן דער קינסטלערישער ליטעראטור האָט אונטערגעשטראָכן די נייטיקייט ריכטיק אויסצומאָלן די רײַכקײַט און די קאָמפּליצירטקײַט פון אונדזער לעבן אין אירע פּאָזיטיווע און נעגאטיווע מאָמענטן, אין איר היסטאָרישן אינהאלט. דער לאָזונג פון סאָציִאליסטישן רעאליזם און עמעס—אָט דאָס איז דער לאָזונג פאר קאָנקרעטער שעפערישער ארבעט.

די פּראָבלעם פון סאָציִאליסטישן רעאליזם—דאָס איז א פּראָבלעם פון ריכטיק פארקערפערן אין דער קונסט די אָביעקטיווע ווירקלעכקײַט פון דער עפּאָכע, איר טאָכ, איר קלאסן־זין, אירע קלאסן־איבעררוקן און לייזן אירע ווידערשפּרוכן—אירע טיפּישע כאראקטערן בא טיפּישע אומשטענדן.

---

כ' דונעצ.

# אײניקע באמערקונגענ װעגנ אונדזער ליטעראטור-קריטיק.

(צום יאָרטאָג פונ דער באשטימונג פונ צ. ק. װעגנ איבערבויענ די ליטעראריש-קינסטלערישע אָרגאניזאציעס).

אויב דער גאנצער פ.ס.ס.רישער ליטעראטור־פראָנט האָט אפנ אויסגעשטעלטנ װעקסל פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) געענטפערט מיט א רײ באדײַטנדיקע װערק סײַ בעלעטריסטישע, סײַ דראמאטורגישע, אויב אינ דער ייִדישער סאָװעטישער ליטעראטור קאָנענ אויכ מיר דאָסזעלבע באצײכענענ—איז אינ אונדזער ליטעראטור־קריטיק די לאגע אסאכ ערנסטער.

אײנער פונ די באדײַטנדיקסטע פעלערג, װאָס האָט געטאָטשעט דעם „ראפפ"־פראָנט, איז געװענ די „אלגעמײנקײַט" פונ דער ליטעראטור־קריטיק, די צאנקערײַענ ארום „מעטאָדנ", אָנשטאָט ארײַנדרינגענ אינ דער זאכ גופא, אינ די װערק, קעדײ אפ די װערק דערזעענ די פראָצעסנ אונ פעסטשטעלנ די מעטאָדנ, קעדײ אפ דער לעבעדיקער ליטעראטור־פראקטיק באַרײַכערנ די טעאָריע. אינ אסאכ פאלנ פלעגנ די ארויסטרעטונגענ װעגנ קאָנקרעטע ליטעראַרישע װערק שוינ פאָרויס באשטימט װערנ אינ זײערע אײַנשטעלונגענ דורכ דער אָדער יענער גרופירונג, װאָס אינ איר נאָמענ האָט גערעדט דער אווטער. דאָס װערק פונ שרײַבער פלעגט װערנ צוגעשניטנ צו די פארטיקע „טעאָריעס" אונ מעטאָדנ, װעלכע זײַנענ פאר־גרײט געװאָרנ לויטנ פרינציפ פונ גרופירונג. דאָס האָט ניט נאָר ניט געקענט שטויסנ פאָרויס די ליטעראטור־קריטיק, נאָר האָט פאר איר געשטעלט א רײ געפארנ פונ פאראזי־טירונג. די באשטימונג פונ צ.ק.אל.קפ(ב) האָט אופגעפאָדערט ארויסצושלײַדערנ פונ דער ליטעראטור־קריטיק דידאָזיקנ „מעטאָדנ", איבערצובויענ דעם פראָנט.

אינ סאכאקל פונ דעם יאָר זײַנענ פאראנ באשטימטע דערגרײכונגענ אפנ קריטיק־פראָנט. װענ מע זאָל נעמענ אונדזערע ליטעראַרישע צײַטונגענ, אינ צענטער אונ אינ די רעפובליקנ,—װענ מע זאָל נעמענ אונדזערע זשורנאלנ אונ ביכלאל די קריטישע ארויס־טרעטונגענ אינ דער פרעסע, איז צו זענ, אז די באשטימונג פונ צ.ק. האָט פונ אײנ זײַט שטארק דערמונטערט באדײַטנדיקע קאדרענ קריטיקער אונ שרײַבער זאָלנ זיכ אקטיװער באטײליקנ אינ דער ליטעראטור-קריטיק, אונ פונ דער צװײטער זײַט, איז געגאנגענ די אידײישע איבערבויונג פונ דער קריטיק. װי אײנער פונ די גרונט-שטריכנ אינ דער אידײישער איבערבויונג — איז דאָס קאָנסעקװענטע באפרײַענ זיכ פונ גרופירונג-קריטיק, די באדײַטנדיקע אויסלײַטערונג פונ דעם „סטיל" אינ דער קריטיק — װײניקער „שטעקנ"

קריטיק, מערער באדאכטע ארויסזאָגונגענ, א גרעסערע אלזײַטיקײַט, א גרעסערע אופמערקזאמקײַט צו דעמ וועג, וואָס דער שרײַבער מאכט דורכ.

אזוי ארומ קאָנענ מיר פיקסירנ, אז אינ דער מארקסיסטיש־לענינישער ליטעראטור־קריטיק איז פאראנ א באשטימטער קער צו קאָנקרעטער קריטיק אונ א פראָצעס פונ ארויסבאפרײַענ זיכ פונ דער גרופירונג־פאָליטיק אינ דער קריטיק.

גלײַכצײַטיק דערמיט איז געגאנגענ מיט גרעסערנ, אָדער קלענערנ דערפאָלג פאר די אווטערנ, די זעלבסטקריטישע ארבעט פונ די קריטיקער. ניט שטענדיק איז זי געווענ א גענוגנדיקע אונ אויסשעפנדיקע. דעריבער האָט זי ניט פאר אלעמענ געבראכט דיזעלבע רעזולטאטנ. א פאקט איז, אז א רײ נעמענ פונ געוועזענע זײער אקטיווע ראפפישע קריטיקער, אָדער קריטיקער פונ יענעמ פעריאָד ביכלאל, זײַנענ ארויסגעפאלנ פונ דער ליטעראטור — מע באגעגנט ניט זײערע אונטערשריפטנ אונטער ארטיקלענ, מע זעט ניט זײערע נעמענ אינ די צעטלענ פונ פאָרטרעגער איבער די ליטעראטור־פראגעס. עס קומט פאָר, אזוי ארומ, אויכ א באנײַונג פונ די קאדרענ אונ דאָס איז געווים א פאָזיטיווער צײכנ, מעג זײַנ אפילע, אז זי איז פאר אנדערע פארבונדנ מיט אנטוישונג אינ „אווטאָריטעטנ“ א. ד. גל.

די יִדישע ליטעראטור־קריטיק איז ניט קײנ אויסנאמ פונ דעמ גאנצנ פראָנט, אונ דאָס אלצ, וואָס איז אויבנ געזאָגט, איז אָנגעמאָסטנ פאר דער יִדישער ליטעראטור־קריטיק אינ דער אָדער יענער מאָס. אָבער דאָכ דארפ מענ פארצײכענענ א רײ בלויזנ אינ דער יִדישער ליטעראטור־קריטיק איבער די פאָלגנדיקע ליניעס: 1. קנאפקײַט פונ דער קאָנקרעטער קריטיק, 2. ניט גענוגנדיקער קאמפ מיט די רעשטנ פונ גרופנ־פאָליטיק 3. ניט גענוגנדיקע קריגערישע שארפקײַט אונ קאָנסעקווענטקײַט.

וועגנ קאָנקרעטער קריטיק.

בלעטערט די יִדישע צענטראלע צײַטונגענ — אינ זײ איז ניט גענוגנדיק דער ליטעראטור־מאטעריאל. אזוי איז אינ „עמעס“, אזוי אינ „שטערנ“ אונ טײלווײַס — אינ „אָקטיאַבער“. אינ דעמ זינ האָבנ זיכ די יִדישע קאָמוניסטישע צײַטונגענ ווײניק געלערנט בא דער „פראוודא“, „איזוועסטיא“ אונ „קאָמסאָמאָלסקאיא פראוודא“, וועלכע האָבנ אָפגעצײכנט די באדײַטנדיקסטע ווערק פאר דעמ יאָר, האָבנ געגעבנ — באזונדערס די „פראוודא“ — א רײ צעוויקלטע הויכ־פּרינציפּיעלע קריגערישע ארטיקלענ איבער ליטעראטור מיטנ קאָנקרעטנ אנאליז פונ די ליטעראַרישע פראָצעסנ אינ לאנד, האָבנ אויכ פארשטארקט דאָס דרוקנ לידער, דערציילונגענ, אָטשערקנ. די יִדישע צענטראלע קאָמפרעסע איז פארנ לעצטנ יאָר אפילע אינ א געוויסער מאָס געוואָרנ אײַנגעהאלטענער. אונ דאפקע די טאָג־פרעסע קאָנ אינטענסיוו קעמפנ פאר קאָנקרעטער קריטיק, פאר אופקלערנ דעמ אינהאלט פונ ווערק אונ פאָפוליאריזירנ יענע פונ זײ, וואָס דינענ דעמ פראָלעטאריאט אונ דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דאָס איז בענעגײע דער יִדישער טאָג־פרעסע, וואָס אָנבאלאנגט די יִדישע זשורנאלנ האָט זיכ פארשלעפט זײער איבערבויונג אונ רעאָרגאניזאציע; דאָס איז ניט קײנ פאָשעטער טעכנישער איניענ. עס איז ניט קײנ פראָסטער איניענ, ווענ א זשורנאל, וואָס איז דעריקער א ליטעראַרישער, „פארשפעטיקט“ אָפדרוקנ די באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) וועגנ איבערבויענ די ליטעראַריש־קינסטלערישע אָרגאניזאציעס, ווי דאָס האָט געטראָפנ מיט דער „רויטער וועלט“. ווענ מע זאָל א קוק טאָנ אפ די מאָסקווער רוסישע זשורנאלנ פונ דעמ לעצטנ יאָר, ליגט אפ זײ דער שארפער שטעמפל פונ איבערבויונג, פונ אימפעטדיקנ טעמפ,

פונ באָלשעוויסטישער מונטערקײַט, וואָלט איכ זאָגנ. אפ די ייִדישע זשורנאלנ, דעריקער די כארקאָווער, ליגט נאָכ אָפט דער שטעמפּל פונ צעפלאָסנקײַט, ניט שטאנדהאפטיקײַט, פונ א באשטימטנ פיבערנ... דאָס האָט אומפארמײַדלעכ געווירקט נעגאטיוו אפ דער קאָנ־קרעטער קריטיק.

מיר זעענ א באשטימטנ איבערברוכ צו קאָנקרעטער קריטיק בא די אלטע קאדרענ. פאר דעם יאָר איז דערשינענ דאָברושינס בוכ אינ „איבערבוי”, וואָס אנטהאלט ארטיקלענ וועגנ שרײַבער אונ וועגנ ביכער. דער צײכנ פונ איבערבויונג, ווײניקסטנס פונ סוביעקטיוונ דראנג דערצו, ליגט סײַ אינ אָט דעם בוכ, סײַ אינ דעם פאקט, וואָס דאָברושינ האָט פארנ יאָר אקטיוו זיכ געדרוקט אינ די זשורנאלנ, כאָטש אינ פאָדערגרונט פונ אונדזערע דערגרייכונגעג אינ דער קריטיק קאָנ מענ דאָברושינס בוכ ניט ארויסשטעלנ — וועגנ דעם וועט נאָכ שפעטער אויסקומענ ריידנ. אָבער וועלכע נאָכ ביכער זײַנענ אָפּגעדרוקט אָדער אָפּגעגעבנ צומ דרוק מיט קאָנקרעטער ליטעראטור־קריטיק? ווײניק וואָס קענ מענ אָנרופנ.

אזוי האלט עס מיט קאָנקרעטער קריטיק. די פאָרשריטנ זײַנענ קנאפּערע, ווי אינ דער אלגעמיינער ליטעראטור, די איבערבויונג איז א שוואכע, די אקטיווקײַט איז ניט קיינ באפרידיקנדיקע.

וואָס איז שײַעכ דעם צווייטנ פונקט—וועגנ קאמפ מיט גרופּירונג־פּאָליטיק—קענ מענ זאָגנ, אז אונדזער ייִדישע ליטעראטור־קריטיק איז דאָ ניט געווענ אזוי שארפ, אקשאָנעמדיק, אנטשיידנ אונ אימפעטפול. עס איז דאָכ א פאקט, אז אינ די קרײַזנ פונ די ייִדישע שרײַבער איז שפעט רעאגירט געוואָרנ אפ דער באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) אינ רעזולטאט פונ שארפע גרופּנ־רײַבונגענ, אז אינ מאָסקווע איז די „ענדערונג פונ דער אָנפירונג” פאָרגעקומענ אפ דיזעלבע „פּרינציפּיעלע” גרופּירונג־רעלסנ, ניט מער וואָס עס האָבנ זיכ געביטנ די „פליגלענ”, די „גרופּנ”, וואָס זײַנענ געקומענ צו דער אָנפירונג... עס איז געווינ טרויעריק, וואָס בא דעם אלצ האָבנ די כ״כ נוסינאָוו, סטרעלעצ א. אנד. געפּרווט זוכנ די „מאקע” ערגעצ אנדערש אונ ניט בא זיכ. דאָס באווײַזט, או אנדערע אונדזערע שרײַבער אונ קריטיקער האָבנ גאָרניט געלערנט פונ דער באשטימונג פונ צ.ק.

אָדער—אנ אנדער איליוסטראציע צו דעמזעלבנ געדאנק. מיט א גרויסער פארשפּעטיקונג האָט זיכ דער כארקאָווער „שטערנ” אָפּגערופנ אפ דער באשטימונג פונ צ. ק. אל.ק.פ.(ב), דרוקנדיק א גרויסנ ארטיקל פונ כ׳ לעוויטאנ. דער כ׳ לעוויטאנ האָט דעריקער קאָנצענטרירט זײַנ קלאפּ אפ די גרופּירונג־עלעמענטנ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. וויאזוי זשע האָט ער דאָס געטאָנ? ער האָט אויסגעמאָלט די לאגע אזוי: אינ מאָסקווע זיצנ מענטשנ, וואָס פירנ א גרופּנ־פּאָליטיק, אינ מינסק איז א נעסט פונ גרופּנ־פּאָליטיק, אָבער וואָס שײַעכ אוקראַינע איז דאָ זײַנענ בלויז די מענטשנ פונ צײַט צו צײַט געווענ א געווער אינ די הענט פונ די מינסקער אונ מאָסקווער גרופּלער.

דער כ׳ לעוויטאנ האָט מיט זײַנ ארויסטרעטונג, וועלכע איז געווענ איבערגעזאלצנ מיט היפּש „טשיקאווע” „איינצלהײַטנ”, בלויז צומישט די קאָרטנ אונ זיכ אליינ אוועקגעשטעלט אינ דער לאגע פונ א מענטשנ, וואָס האָט זיכ ניט אָריענטירט אינ דער נײַער אומגעבונג. ער האָט, ווען וועלנדיק ניט וועלנדיק, פארפלאכט דעם גאנצנ קאמפ, געשאפנ א מעגלעכקײַט פאר די זוברעס פונ דער גרופּלערײַ צו באהאלטנ זיכ הינטער זײַנע אײַנשטעלונגענ. דער בעסטער באווײַז, אפ וויפל פאלש עס איז געווענ לעוויטאנס ארויסטרעטונג אונ אפ וויפל שעדלעכ עס איז געווענ דאָס פארשווײַגנ זײַנ ארטיקל (קיינער האָט אים ניט געענטפערט)

איז דער פאַקט, וואָס די צײַטונג „שטערן" האָט אין אפּרעל־בוידעש ד. י. אָפּגעדרוקט וועוויאָרקעס אַן אַרטיקל, אין וועלכן די רעדאַקציע „שטערן" דערלויבט אים ריידן אין סטיל פון „איך בין אַ יאָסעמ". אין וועלכן ער פאַרשמירט מיט דער הילף פונעם „שטערן" אַלע זײַנע פעלערן. צי איז ניט באַוווּסט דער גאַנצער ליטעראַטור, אַז וועוויאָרקע איז באַגאַנגען אין דער ליטעראַטור אַ רײַ שריט, וואָס דאַרפן שאַרף פאַרורטיילט ווערן?

עס זײַנען פאַראַן מענטשן, וואָס פּרוּוון פון דער באַשטימונג פון צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב) מאַכן פאַר זיך אַ פאַלשע פאָן און הינטער איר צודעקן זייער גאַנצן שלעכטן באַגאַזש, באַשער מע דאַרף „אָפּוואַרפן די ראַפּפּישע מעטאָדן", „זײַן געדולדיקער" א. ד. גל. אָבער ווען האָט דאָס אונדז די פּאַרטיי געלערנט זײַן געדולדיק צו דאָס, וואָס מע טאָר ניט דולדן.

מע קען ברענגען בײַשפּילן פון די ליטעראַטור־קרײַזן אין ווײַסרוסלאַנד, ווו עס איז אויך מיט אַ פאַרשפּעטיקונג רעאַגירט געוואָרן אויף דער באַשטימונג פון צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב) און ווו עס זײַנען נאָך ענדגילטיק ניט אויסגעלעבט גרופּן־דרײַבונגען אויף אַן אומפּרינציפּיעלן באָדן, ווו עס זײַנען אויך דאָ פּרוּוון צו פאַרוואַנדלען דעם מעטאָד פון געווען מיט קאָנקרעטע ווערק אויף דעם מעטאָד פון פּערזענלעכער קאָנקורענץ.

דאָס אַלץ באַווײַזט, אַז עס איז נאָך ניט גענוגנדיק געווען פאַר דעם פאַרלאָפענעם יאָר די קריטיק פון דער גרופּערײַ־פּאָליטיק.

עס איז ניט גענוג די קריגערישע שאַרפקײַט און גראָדיקײַט אין אונדזער ליטעראַטור־קריטיק.

קריגערישע שאַרפקײַט איז בעשומויפן ניט אָפּגעפרעגט דורך דער באַשטימונג פון צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב), ווי עס מיינען וווּלגאַריזאַטערן. די באַשטימונג פון צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב) איז *אַ געווער* פאַר אונדזער קלאַסנקאַמף און אויף אַזויפיל איז זי *אַן אויפאָדערונג צו קריגערישער שאַרפקײַט*, וואָס עס שליסט ניט אויס, נאָר שליסט אײַן כוואַרישן טאָן און ריכטיקן צוגאַנג. אין דעם זין קענען מיר געוויס אַ גוטן מוסטער אָראָפּנעמען פון דעם „אַלטן" טשערנישעווסקין, וועלכער האָט געשריבן:

„קריטיק איז אורטיילונג וועגן די מײַלעס און כעסרוינעס פון אַ וועלכן עס איז ליטעראַרישן ווערק. איר אויפגאַבע איז — דינען אַלס מיינונג־אויסדרוק פון דעם בעסטן טייל פון פּובליקום און מיטהעלפן איר ווײַטערדיקע פאַרשפּרייטונג אין די מאַסן. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דערדאָזיקער ציל קען דערגרייכט ווערן אויף וויפל עס איז באַפרידיקנדיק בלויז בײַ דער אַלזײַטיקער זאָרגעוודיקײַט וועגן קלאָרקײַט, באַשטימטקײַט און קאָנסעקוועטקײַט („פּריאַמאָטי"). (טשערנישעווסקי „וועגן אופריכטיקײַט אין דער קריטיק", געווײלטע שריפטן, באַנד 4, ז. 823).

אויף אונדזער שפּראַך באַטײַט עס: די קריטיק דאַרף „אויסדריקן די מיינונג" פון דעם פּראָלעטאַריאַטס אַוואַנגאַרד — פון דער פּאַרטיי, די קריטיק קען דאָס דערגרייכן דורך „קלאָרקײַט, באַשטימטקײַט און קאָנסעקוועטקײַט", דאָס הייסט, אַז זי דאַרף ריידן אָן צווייִדײַטיקײַטן, אַז זי דאַרף זיך ניט אַרומקוקן אויף „מאַריאַ איוואַנאָווּנאַ", אַז זי דאַרף זײַן באָלשעוויסטיש־קאָנסעקווענט און פּאַרטייִש. אומאָפּהענגיק פון די אָדער יענע גרופּן־אינטערעסן און פּערזענלעכע אײַנפלוסן. נאָר אַזאַ קריטיק קען באַהילפיק זײַן דער פּאַרטיי אין אָנפירן מיט דער ליטעראַטור. בײַ אונדז איז אָבער ניט שטענדיק אַזוי. פאַר שאַרפער קריטיק האָט מען

נאָכ אָפט מוירע און מע־מיינט, אז טריפן מיט ליבעראל־ראָזולעכע וואסער אפן פאפיר, הייסט קריטיקירן אין איינקלאנג מיט דער באשטימונג פון צ,ק. אל.ק.פ.(ב). אנדערע קרי־טיקער בא אונדז מיינען, אז איצט באדארפ מען וועגן אלע שרײַבער „זאָגן גוט״, אז מען באדארפ וועגן אלע ווערקריידן פּאָזיטיוו. דאָס איז זייער א ביליקער צוגאנג און אָביעק־טיוו פירט ער צו ארופּרײַסן די באשטימונג פון צ.ק. אל.ק.פ.(ב).

פארשטייט זיך, אז די באשטימונג פון צ. ק. לערנט אונדז ניט מאכן קיין איבעריקע הויצאָעס, ניט ברעכן קיין שויבן אומזיסט, ניט ארופּרײַסן קיין שרײַבער; איך וואָלט אפילע געזאָגט אזוי: די באשטימונג פון צ.ק. אל.ק.פ.(ב). פאָדערט אונדז אופ צו זײַן אָפּ־טימיסטן בענגייע צו שרײַבער: ד. ה. צו זען שטענדיק אין דער ערשטער ר״י דאָס פּאָזיטיווע, דעם געזונטן קערן, וואָס א ווערק אָדער דער שרײַבער ביכלאל פאַרמאָגט. אָבער דערבײַ מוז דאָכ קלאָר און אָפן געזאָגט ווערן וועגן דאָס נעגאטיווע, אָדער ווול־גארע, אָדער פלאכע, וואָס איז אין דער ליטעראטור פאראן. זאָגן אנדערש—הייסט דערגיין צו אָפּלייקענען קלאסנקאמפ אין דער ליטעראטור.

אנדערע בא אונדז קליגן זיך אָבער פארבײַגיין „קלאָרקײַט״ און „קאָנסעקווענטקײַט״. אפ א ריי ארטיקלען פון דאָברושינס בוך ליגט דער שטעמפל פון אזא דעליקאטן צוגאנג. אפ א ריי ארטיקלען אין אונדזער פרעסע הענגט די געפאר פון אָט אזא דעליקאטקײַט. אין אזא „נוסעך״ איז געשריבן קליטעניקס ארטיקל וועגן סטרעלעצן אין זשורנאל „שטערן״. אין אזא גײַסט איז געשריבן כ׳ האַלדעסעס ארטיקל אין דער צײַטונג „שטערן״, געווידמעט דעם כ׳ פעפערס נײַעם בוך „פלאסטן״, — ער איז געשריבן אין דעם דעליקאטן נוסעך פון פארבײַגיין גליטשיקע ערטער, אין דער צײַט, ווען פעפער האָט שוין אזויפיל אופגעטאָן פאר אונדזער פּראָלעטארישער און סאָוועטישער ליטעראטור, אז ער קען שוין אויסהערן ערנסטע קריטיק אויך וועגן דעם, וואָס עס איז אים ניט געלונגען אין דעם בוך „פלאסטן״. טאקע דערפאר, ווײַל פעפער איז א גרויסער דיכטער־קאָמוניסט, איז אזא קריטיק (ווי האַלדעסעס) ניט באהילפיק, זי איז ניט אווטאָריטעט. מעסיקײַט איז גוט אינעם טאָג, אין די עפיטעטן; מעסיקײַט איז גוט ווען זי אנטשפרעכט טאקע די נייטיקע מאָס פון קריטיק. אָבער געמעסיקטקײַט פונעם שטאנדפונקט פון מאנעווירן און באלאנסירן מעכא־ניש, פון מאכן „סקידקעס״, טויג ניט. אזא מעסיקײַט קען ארופּזעצן דעם באָלשעוויסטישן טאָנוס פון אונדזער קריטיק. מיר קענען אין אזא פאל דערפירן אונדזער קריטיק צו אנעקדאָט, צו א קאריקאטור. וועגן אָט אזא סאָרט מעסיקער קריטיק האָט גלענצנדיק געזאָגט טשערנישעווסקי, קריטיקירנדיק א באשטימטן מין רעצענזענטן פון זײַן צײַט:

„אָט צו וואָס פארא ווידערשפרוכן, וואקלונגען—שרײַבט טשערנישעווסקי—עס דערפירט די קריטיק די שטרעבונג צו „מעסיקײַט״, ד. ה. צו פארווייכן אלע לײַכטע ספייקעס אין דער אבסאָליוטער ווערטיקײַט פונעם ראָמאן, וועלכע עס דערלויבט זיך בלויז אפ איין אויגנבליק פאָרלייגן דער בארויִקטער רעצענזענט. לעכאטכילע וויל ער זאָגן, אז דער ראָמאן איז ערגער ווי די פריִערדיקע, נאכער גיט ער צו: ביין, איך האָב ניט דאָס געוואָלט זאָגן, איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אז אין ראָמאן איז ניטאָ קיין אינטריגע, נאָר אויך דאָס האָב איך געזאָגט ניט אומבאדינגט, פארקערט, אין ראָמאן איז דאָ א גוטע אינטריגע; נאָר דער הויפט־פעלער פון ראָ־מאן איז, וואָס דער העלד איז ניט אינטערעסאנט; כאָטש דער געזיכט פונעם דאָזיקן העלד איז געצייכנט זייער גוט; אָבער—כאָטש איך האָב ניט געוואָלט געברויכן דעם

„אָבער", איך האָב געוואָלט זאָגן „דערבײַ"... ניין, איך האָב אויך ניט געוואָלט זאָגן „דערבײַ", איך האָב בלויז געוואָלט באַמערקן, אַז דער סטיל פון ראָמאַן איז שלעכט, כאָטש די שפּראַך איז אויסגעצייכנט, אָבער אויך „דאָס קען פאַריכט ווערן, אויב דאָס וועט נאָר זײַן דער ווילן פון דעם מעכאַבער אַליין".

(טשערנישעווסקי, „וועגן אופריכטיקײַט אין קריטיק". געזאַמלטע שריפטן באַנד 4, ז. 371, 1931)

העכער די רעוואָליוציאָנערע וואַכזאַמקײַט אין דער ליטעראַטור־קריטיק! מערער באָל־שעוויסטישע שאַרפקײַט!

גלײַכצײַטיק דערמיט מוז גיין דער קאַמף קעגן וווּלגאַריזאַטאָרישן לינקיזם, קעגן „פּליי־קאָנאַקערײַ", קעגן „סאָוועטישע" טאַלמודיסטן אין דער ליטעראַטור־קריטיק, קעגן „לינקע" פאַרפלאַכער פון דער לענינישער טעאָריע. אַ פּאָר בײַשפּילן פון וווּלגאַריזאַטאָרישער קריטיק. פאַר מיר ליגן קריטיק־אַרטיקלען פון דעם „אָקטיאַבער" און „שטערן"־פּאָרטפעל. אָט איז איין אַרטיקל, עס ווערט קריטיקירט ה. מײַזלס דערציילונג „דרײַ שמוליקעס". דער אווטער־רעצענזענט ציטירט דעם פאָלגנדיקן אָרט פון דער דערציילונג:

„דער זשאַנדאַרם מיט די שטעכיקע וואָנצעס שטעלט לאַנג און באַדײַטונגספול אָפּ זײַן בליק אויף יעדן שמוליק באַזונדער, ער צילט ווי אַ וואָלף, ווען ער רײַסט זיך אַרײַן און ווייס ניט וועלכע שעפּסן אויסצוקלײַבן" (ז. 7).

און דער רעצענזענט פירט אויס:

„אָט [illegible] ביבלישע פאַרגלײַכן דעם סוינע פאַר אַ וואָלף און דריקער דעם רעוואָליוציאָנער פאַר אַן אונטערטעניקער שעפּס—איז—פאַלש".

קעדיי נאָכמער מאָטיווירן דעם „נאַצדעמאָקראַטיזם" אין מײַזלס דערציילונג, ציטירט ווײַטער דער רעצענזענט: „דער זשאַנדאַרם איז געוואָרן ווייך ווי אַ מאַלינע" און ער פירט אויס, — „אַזאַ בילד איז אַ פאַלשע. אַ זשאַנדאַרם איז פאַר אונדז אַ נעגאַטיווער טיפּ, און אַ מאַלינע—אַ גאַנץ פּאָזיטיווע זאַך, וועלכע די קינדער האָבן ווײַט ניט פײַנט".

און אַזוי ווײַטער אין דעמזעלבן נוסעך. אויפן יעסאָד פון אַזאַ אַרײַנטײַטשן אין שורעס און זאַצן ווערט געמאַכט דער אויספיר, אַז דער אווטער פון דער דערציילונג האָט „גע־פּרוווט אָנלאָדן זײַן דערציילונג מיט אַ פרעמדן קולטור־זאַפּאַס, פון וואָס דאָס ביכל האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שעדלעכעס". איך גיי דאָ ניט אַרײַן אין טאָך פון דער זאַך—צי מײַזלס ביכל איז שעדלעך אָדער ניט. אין דעם ביכל זײַנען פאַראַן גרויסע פעלערן, נאָר דער רעצענזענט קען ניט אַזוי קריטיקירן ווי עס טוט עס אונדזער אווטער.

אָדער אַ צווייטער רעצענזענט אַנאַליזירט דאָלגאָפּאָלסקיס דערציילונג „געפרוווירענע עפּל" און קומט צום אויספיר, אַז

„אין זין פון קינסטלערישן מעטאָד איז דאָ כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער אווטער האָט אונדז געגעבן אַ גאַנצן פּראָצעס—דאָס פאַרשווינדן פון די עפּל, זייער איבערגיין אין אַ נײַער העכערער קוואַליטעט, וואָס אַנטשפּרעכט אינגאַנצן דעם רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד, אין אַ קאָנסערוון־זאַוואָד, וועלכער ציט אַרײַן און קאָכט איבער די געוויינלעכע עפּל־הענדלערקעס. דאָ האָט דער אווטער קורץ און קינסטלעריש־

איבערצײַגנדיק באווײַזנ די ווירקלעכקײַט אינ אלע אירע סטירעס אונ קעגנזעצלעכקײַטנ ער האָט אונדז דאָ געגעבנ דאָס איבערגײנ פונ אײנ קוואליטעט אינ א צווייטער מיט א פליוס פארנ פראָלעטאריאט, פאר דער רעוואָליוציע".

עמעסע „דיאלעקטיק" פונ „פישפאנגענ", וווּלגאריזאציע פונעמ מארקסיזמ!

דער נײַער מאנעווער פונ קלאסנ־סוינע צו ארבעטנ מיט „שטילער סאפע", מיט דעמא־גאָגישע מיטלענ, פאָדערט, אז די ליטעראטור־קריטיק זאָל ווערנ קלאסנ־וואכזאמער, פילבא־רער צו קולאקישנ שמוגל. א רײ דערשײַנונגענ אינ דער ליטעראטור, אינ דעמ אויכ אינ דער יידישער, ווײַזנ, אז די אקטיוויזאציע פונ קלאסנפײַנטלעכע עלעמענטנ באקומט ניט דעמ געהעריקנ ווידערשטאנד. קעדיי דערפאָלגרײַכ דאָ קעמפנ, מוז די ליטעראטור־קריטיק זיכ ענדגילטיק באפרײַענ פונ דעמ נעגאטיוו־ראפפישנ לאסט, מוז זיכ שטארקער באוואָפענענ מיט לענינישער וואכזאמקײַט אונ קריגערישקײַט, מוז זי דעמ שארפ ווענדנ אפ צוויי פראָנטנ—קעגנ רעכטס, ווי די הויפטגעפאר, אונ קעגנ לינקיסטישע אונ וווּלגאריזאטארישע אָפּאָרטוניסטיש־פײַנטלעכע דורכרײַסנ, מוז זי מער אקטיוו זיכ ארײַנמישנ אינ די אקטועלע פראָצעסנ, אינ דער אָנפירונג מיט דער קאָנקרעטער ליטעראטור, קעדיי ניט „פאראקא־דעמיזירט" ווערנ, קעדיי ניט פארוואנדלט ווערנ אינ א רעגיסטראטער פונ ליטערא־רישע פאקטנ אונ פראָצעסנ.

* * *

אונדזער קריטיק דארפ זיכ אויסארבעטנ דעמ קריטערי פארנ ליטעראַרישנ פראָצעס. אינ דעמ זינ האָט די געשיכטע ניט געגעבנ קײנ פרעצעדענטנ. מיר ווייסנ, אז אזעלכע געניאלע רעוואָליוציאָנערנ פונ זייער צײַט, פירער פונ דער ליטעראטור, ווי בעלינסקי אונ טשער־נישעווסקי, האָבנ דיפערענצירט די ליטעראטור אונ זי אײַנגעטיילט אינ הויפט־שטראָמענ. פושקינ, גאָגאָל, טאָלסטוי, טורגעניעוו, סאלטיקאָוו—עס איז געווענ ניט קײנ גרויסער צעטל, אינ דעמ צעטל זײַנענ פונפאָרנט געגאנגענ אײנציקע, אונ די אנדערע זײַנענ געווענ פארעכנט צו דער אָדער יענער גרונט־שיטע, גרונט־פיגור.

די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט אויסגעברייטערט די מאסשטאבנ פאר דער ליטעראטור. זי האָט, לעמאָשל, אָפגעעפנט אזא נײַעמ שאפונג־קוואל, ווי די ליטעראטור־שאפונג פונ די צענדליקער נאציעס אונ פעלקערשאפטנ אינ פילנאציאָנאלנ סאָוועטנפארבאנד. דער קורס איז ניט אפ אײנצלנע, נאָר אפ א גרויסער ליטעראטור־באוועגונג. דאָס באטײַט ניט, אַז בא אונדז ווערט ארױפגענומענ די פירנדיקע פיגור אונ עס ווערט א פולקומע „אנאָנימקע, אָנ אויסגלײַכעניש. גאָרקי איז א פירנדיקע פיגור, א גיגאנט פונ דער פראָלעטארישער ליטעראטור. נאָר מיר ווייסנ, אז דורכ דער שול פונ אזעלכע פיגורנ זײַנענ בא אונדז אויס־געוואקסנ מאמעש צענדליקער אונ הונדערטער גרויסע טאלאנטנ שרײַבער. אונ כוצדעמ איז דאָכ אונדזער „סאָוועטישער הימל" גאָר אנ אנדערער אנטקעגנ די פריערדיקע עפּאָכעס פונ דער הערשאפט פונ עקספלואטאטערישע קלאסנ אינ זינ פונ אויסהאָדעווענ טאלאנטנ: די פאלאנגע איז א גרויסע, שטענדיק קומענ צו איר צו נײַע קאדרענ אונ פונ די נײַע קאדרענ גיט אָפט א שפאר ארויס א נײַער קויעכ, וואָס מיט זײַנ שעפערישער קראפט דעקט ער, אנדערע „סטאנדארטיזירטע" נעמענ. באגלײַכ דערמיט איז ניט קײנ אויסנאמ דער פאקט, ווענ דער אָדער יענער טאלאנט לאָדט גיכ אויס זײַנ ערשטע דאָזע ענערגיע, קענ ניט מיט־גײנ מיט דער צײַט אונ בלײַבט אפ א באשטימטנ עטאפ הינטערשטעליק.

בא אזא נײַער סיטואציע איז ניט גענוגנדיק די מאָס (דער קריטעריִ) פונ דער אלטער גרויסער קריטיק. עס דארפ געפונענ ווערנ א נײַער קריטעריִ, אונ עס מוז אינ אכט גענומענ ווערנ, אז מיר האָבנ צו טאָנ מיט גרעסערע קאדרענ, ווי די אלטע ביז־רעוואָליוציע־ליטעראטור.

וואָס דרינגט דערפונ ארויס? דערפונ דרינגט ארויס, אז מיר מוזנ אינ דער קריטיק ארומכאפנ דעמ גאנצנ ליטעראטור־פראָצעס אינ זײַנע מער טיפישע שטריכנ, אונ ניט בלויז אייניקע מוסטערהאפטע ווערק אונ אייניקע שרײַבער. אפילע טשערנישעווסקי האָט געהאלטנ פאר דער מאָס פונ קריטיק די פאקטישע דערגרייכונגענ פונ דער ליטעראטור. „די קריטיק ביכלאל, האָט טשערנישעווסקי געשריבנ—אנטוויקלט זיכ אפנ גרונט פונ פאקטנ, וואָס ווערנ געגעבנ דורכ דער ליטעראטור, וועמעס ווערק עס דינענ אלס נויטיקע געגעבענע פאר די אויספירנ פונ דער קריטיק" („עטיודנ וועגנ גאָגאָלשנ פעריאָד"). דער קריטעריִ פאר אונדזער קריטיק איז די רעוואָליוציאָנערע ליטעראַרישע פראקטיק. אונ די ליטעראַרישע פראקטיק מוז פארשטאנענ ווערנ אינ איר גאנצער אלזײַטיקײַט, אינ דעמ גאנצנ קאָמפלעקס פונ איר „פאקטור". פארשטייט זיכ, קעגנ טשערנישעווסקיס צײַט, זײַנענ מיר גליקלעכער, אפ וויפל מיר האָבנ די פארטייִשע אָנפירונג, מיר האָבנ די געניִאלע פארטיי, וואָס קירעוועט מיט דעמ גאנצנ ליטעראַרישנ פראָצעס אונ מיט דער קריטיק. די קריטיק איז שוינ ניט די איינציק־אָנפירנדיקע, נאָר זי ארבעט אפנ גרונט פונ דער פארטיי־ליניע. דאָס שאפט שוינ פאר דער קריטיק גינסטיקערע באדינגונגענ, גיט אנ אָריענטירונג אונ דירעקטיוו פאר דעמ ווײַטערדיקנ וועג.

מיר דוכט דעריבער, אז איינער פונ אונדזערע גרעסטע גרײַזנ, פונ די גרעסטע פעלערנ, וואָס שטערנ צו שאפנ דעמ איינהײַטלעכנ קריטעריִ, צו אויסקלאָרנ די ברייטע פערספעקטיוו אפנ פאָנ פונ דער דערפארונג, איז דאָס, וואָס אונדזער קריטיק פילט ניט אינ דער געהעריקער מאָס די פארטייִשע אכרײַעס פאר איר קאמפ־צירקל. גיט א לייענ אונדזערע זשורנאלנ, די צײַטונגענ, די ביכער פראָדוקציע פונ דער קריטיק אונ איר וועט זענ ווי שוואכ עס איז די קאָנקרעטע קריטיק.

אונ אויב מע שרײַבט ווייניק וועגנ קאָנקרעטע ווערק, איז א סימענ, אז מע לייענט זיי ניט, אָדער—אינ בעסטנ פאל,—אז מע באציט זיכ צו זיי לײַכט. דאָ גייט ניט אינ דעמ, צי די קאָנקרעטע ווערק זײַנענ גוטע אָדער שלעכטע. אָפשאצנ א שלעכטנ בוכ אָדער א שוואכנ בוכ איז אמאָל וויכטיקער ווי לויבנ א גוטנ בוכ. אונ ניט נאָר דאָס. עס איז שטענדיק נויטיק אינ דער ליטעראטור אויסטיילנ דאָס טיפישע פארנ געגעבענעמ עטאפ, ניט ארויסגייענדיק פונ דעמ, צי מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט א געניִאלער, אָדער ביכלאל גרויסער ווערק. אָט איז, לעמאָשל, אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור געווענ א שלאָג־פונקט די באהאנדלונג פונ קוויטקעס באוווסטע „שארזשנ", פונ נויעכ לוריעס „אונטערנ ראָד", פונ האלקינס „רוסלאנד" א. ד. גל. אפ די אָ שטרײַטנ זײַנענ דערצויגנ געוואָרנ אינ לענינישנ גײַסט די שרײַבער אונ די מאסנ לייענער. אונ דאָס זײַנענ דאָכ ניט געווענ קיינ עפאָכע־ווערק!

אזוי ארומ וויל איכ דאָ באשטרײַטנ דעמ געדאנק וועגנ אזא צוגאנג, בײַ וועלכנ די ליטעראטור ווערט אײַנגעטיילט אפ א געוויסער שורע קאנאָניזירטע פיגורנ אונ אפ דעמ ווערט געשילדערט דער ליטעראטור־פראָצעס אונ זײַנע ווײַטערדיקע ליניעס. ניינ, אזוי דארפ ניט זײַנ. דער קריטעריִ דארפ זײַנ: *די פאָדערונגענ פונ דער פארטיי צו דער ליטעראטור אפנ געגעבענעמ עטאפ*. פונ דעמ ארויסגייענדיק דארפנ מיר

סיידערנ די ליטעראטור, אירע באזונדערע פארשטייער, אירע גרופנ. דערביי מוזנ מיר גע־
סדענקענ, אז מיר שאפנ א ליטעראטור, אינ וועלכער עס באטייליקנ זיכ ניט קיינ איינצלנע
אונ דארפנ דעריבער אינ דער קריטיק ניט דערלאָזנ צו אזא לאגע, ביים די גרויסער קאדר־
רענ בלייבנ פערמאנענט פארשטעקט אינ הינטערגרונט.

עס איז דעריבער ניט ריכטיק, אז מע דארפ אינ דער קריטיק באריר̈נ בלויז אזעלכע
שרייבער, וועמעס ווערק עס האָבנ שוינ אינ זיכ קריסטאלנ פאר דער געשיכטע. ווענ א
קריטיקער וואָלט געווענ א פּאָשעטער ארכיוואריוס, וואָלט פאר אימ געווענ ריכטיק אזא
צוגאנג. די קריטיק איז דאָכ אָבער א קעמפערישע, א דערציערישע, זי ארבעט אינ דער
ערשטער ריי פאר דער פראקטיק, אונ זי איז נאָכ גלייכצייטיק דערמיט, צומ באדויערנ, ניט
אזא, וואָס זאָל קענענ פונ דעמ ערשטנ שריט פונ א שרייבער שטעלנ דעמ דיאגנאָז וועגנ
זיינ טאלאנט אונ זיינע פּאָטענצנ. דעריבער מוז צוקומענ צו דער פאָדערונג „קאָנקרעטע
קריטיק" נאָכ א צוגאָב: קאָנקרעטע קריטיק, וואס זאָל ארומכאפּנ וואָס מע־
רער שרייבער, דעמ גאנצנ פראָנט פונ ווירקלעכע טאלאנטנ, באזונ־
דערס פונ די ארבעטער־שלאָגלער, וואָס זיינענ געקומענ אינ דער לי־
טעראטור. ערשט דאנ וועט אויסגעלעבט ווערנ די אויסגלייכעניש־טענדענצ. וויל די
קריטיק וועט דערמיט יעדנ אָנווייזנ זיינ אָרט, טוענדיק דאָס אפּנ אלגעמיינעמ פאָנ פונ דעמ
ליטעראטור־פּראָצעס.

אונדזערע קריטיקער, ווי איכ האָב שוינ געזאָגט, זיינענ ניט פליסיק, זיינענ ניט שטענ־
דיק אָרגאניש אינ דער ליטעראטור, באנוגענענ זיכ אָפט מיט א קאוואלערישנ אָנפאל, האָבנ
ניט קיינ דירעקטע פארבינדונג מיט שרייבער, דערשאצנ אָפט אליינ ניט די פאראנטוואָרט־
לעכקייט, וואָס די פארטיי האָט אפ זיי ארופגעלייגט. נאָכ פאקטנ דארפ מענ וויט ניט
גיינ. אָט איז בא אונדז דורכ א גרויסער יובילײ—15 יאָר אָקטיאבער—וויפל, פרעגט זיכ,
האָבנ מיר געהאט סומירנדיקע ארויסטרעטונגענ וועגנ דער יידישער סאָוועטישער ליטע־
ראטור? אָדער: עס גייענ בא אונדז ארויס ליטעראַרישע זשורנאלנ — וויפל איבערזיכטנ
האָבנ די זשורנאלנ געהאט? דערמאָנט זיכ אָבער בעלינסקעס אונ טשערנישעווסקעס צייטנ—
דידאָזיקע מענטשנ האָבנ שטענדיק געהאלטנ די האנט אפּנ פולס פונ דער ליטעראטור, עס
זיינענ געשריבנ געוואָרנ יאָר־באריכטנ וועגנ דער ליטעראטור א.ד.ג. ניט שוינ־זשע איז אונדזער
ליטעראטור דאָס ניט ווערט? זי איז דאָס ווערט, נאָר עס זיינענ פאראנ בא אונדז גאָר
ווייניק מענטשנ, וואָס זאָלנ פארשטיינ דעמ ווערט פונ אונדזער ליטעראטור — א ווערט,
וואָס איז ניט בלויז אינ דאָס פארטיק־רייפע, נאָר אויכ אינ די נאָכ ניט צעעפנטע קנאָספּנ
אונ שפּראָצונגענ.

אונ א צווייטער מאָמענט: אונדזער קריטיק האָט ניט גענוג פארייגנט די פאָדערונג פונ
פארטיי צו דורכפירנ די גרונט־פּרינציפּנ פונעמ אינטערנאציאָנאליומ. אָפט לייענסטו יידישע
קריטיק־ארטיקלענ אונ פונ זיי אָטעמט מיט נאציאָנאלער באגרענעצטקייט—עס פעלט דער
ברייטערער פאָנ, די אלגעמיינע סיטואציע אינ לאנד, דער גרונט־שטריכ פונ דער גאנצער
ליטעראטור אינ פ.ס.ס.ר. אונ אינ דער געגעבענער רעפּובליק. אויב ריידנ וועגנ דער
שוואכער געבילדעטקייט פונ אונדזער קריטיק, דארפ מענ שוינ צוגעבנ דעמ קנאפּנ וויסנ
פונ די אלגעמיינע „ניט־יידישע" ליטעראַרישע פאקטנ, אָנ וואָס עס איז ווידער אוממעגלעכ
שאפנ די פערספּעקטיוו פונ דער יידישער ליטעראטור.

אינטערנאציאָנאליזמ באשטייט, פארשטייט זיכ, ניט אינ דעמ, וואָס די קריטיקער וועלנ
שרייבנ היינט וועגנ א יידישנ בוכ אונ מאָרגנ וועגנ א רוסישנ, אוקראינישנ, ווײַסרוסישנ

א.ד.ג. פאראנ בא אונדז אזעלכע קריטיקער, וואָס פלײַסנ זיכ אינ אזא ארט טעטיקײַט דאָס איז ניט די איקערדיקע לײזונג פונ דער פראגע, כאָטש עס איז אנ עלעמענט. אינטערנאציאָנאליזם באטײַט — פארדײַען די גאנצע רעוואָליוציאָנערע קולטור אונ קענענ זי מאכנ אלס געווער אינ דער קאָנקרעטער נאציאָנאלער ליטעראטור.

מיט דער שוואכער באָלשעוויסטישער מאָביליזאציע איז אויכ פארבונדנ די ערנסטע לאגע אפנ פראָנט פונ ליטעראטור־קענטעניש. מע ארבעט בא אונדז איבער פיל פראָבלעמעס, עס פעלנ ניט קײנ פלענער אונ פראָיעקטנ, אָבער די סאמע נויטיקע איז נאָכ ניטאָ ביז הײַנטיקנ טאָג—עס איז נאָכ ניטאָ קײנ ביכל אפ ליטעראטור־געשיכטע, ד. ה. עס זײַנענ נאָכ ניטאָ קײנ מארקסיסטיש־לענינישע דעפיניציעס פאר דער פאר־אָקטיאברישער ליטעראטור. די קוסטארשטשינע איז דאָ גרויס, אונ דערמיט באנוצנ זיכ די נאציאָנאליסטישע עלעמענטנ. אונדזער וואקסנדיקע קריטיק האָט צעקלאפט די נאצאָפאָרטוניסטישע טעאָריעס אונ אײַנשטעלונגענ, וואָס האָבנ געהאט אנ אָרט אינ דעפינירנ די פראָצעסנ פונ דער יִדישער ליטעראטור (ליטוואקאָוו, נוסינאָוו א. אנד.); זי האָט אויכ צוקלאפט די טאלמודיסטישע בויכסוואָרעס אונ געגעבנ צו פילנ די דילעטאנטנ, אז קײנ אימפרעסיאָניסטישער „טעאָרעטיזירנ" וועט ניט אָנגײנ. אָבער געבויט פאָזיטיווע האָט נאָכ די ליטעראטור־קענטעניש גאָר ווײניק. דאָס הײסט, אז די ליטעראטור־קענטעניש איז בא אונדז זײער אָפגעריסנ פונ דער לעבעדיקער רעוואָליוציאָנערער פראקטיק, פונ דער שול א. א. וו.

* * *

די יִדישע מארקסיסטיש־לענינישע ליטעראטור־קריטיק האָט נאָכ גוואלדיקע פעלערנ. זי שטײט אָפ אפילע פונ דער אָפשטײענדיקער ליטעראטור. זי איז נאָכ קנאפ אונטערגעשמידט מארקסיסטיש־לעניניש. אָבער זי האָט אויכ דערגרײכונגענ, אונ די קלאסנ־פײַנטלעכע אונ אָפאָרטוניסטישע עלעמענטנ וועט זיכ ניט אײַנגעבנ דאָס צו פארטושירנ. נאָר קײנ בארימערײַ איז דאָ ניט נויטיק, עס איז נויטיק עכטע איבערבויונג, כאוועריש מיטארבעט, מאָביליזאציע אונ נאָכאמאָל מאָביליזאציע, פארשארפטע קלאסנ־וואכזאמקײַט, מארקסיסטיש־לענינישע קענטעניש. דאנ וועלנ מיר אינ דער קריטיק זענ אויכ איר פאראלגעמײנערנדיקע באדײַטונג, איר טעאָרעטישע וואָג, איר „קראפט פונ אָריענטירונג, קלאָרקײַט פונ פערספעקטיוו, זיכערקײַט אינ דער ארבעט, גלויבנ אינ דעם זיג פונ אונדזער זאכ" (סטאלינ).

י. ליובאָמירסקי

# די מאָסקווער אָקטיאַבער-ספּעקטאַקלען.

(סאָף)

מע קען זאָגן, אז די סטיל־פּראָבלעם אין דער איצטיקער דיסקוסיע — סײַ בענעגייע דראַמאַטורגיע, סײַ בענעגייע דער אַלגעמיינער ליטעראַטור — פאַרנעמט דאָס צענטראַלע אָרט. מיר פאַרנעמען זיך איצט שטאַרק מיט דער פראַגע װעגן סאָציאַליסטישן רעאַליזם און רעװאָליוציאָנערן ראָמאַנטיזם.

די שטרײַט־פראַגע װעגן סאָציאַליסטישן רעאַליזם און סאָציאַליסטישן ראָמאַנטיזם איז בא הײַנטיקן טאָג א פּראָבלעם ניט נאָר פאַר אונדזער דראַמאַטורגיע, נאָר אויך פאַר אונדזער טעאַטער.

אויך דאָ האָבן מיר אויסגעשפּראָכענע צװיי שטרעמונגען: רעאַליסטן און ראָמאַנטיקער דאָס, װאָס איז, לאָמיר זאָגן, אין פּראַט פון דראַמאַטורגיע אָנעמבאַר פאַרן מאָסקװער ערשטן קינסטלערישן טעאַטער, איז ניט אָנעמבאַר פאַרן מאָסקװער (רוסישן) קאַמער־טעאַטער. אויב קירשאָן, צי אַפינאָגענאָװ קאָן שאַפן א קאָנטאַקט מיט סטאַניסלאַװסקין, מיט זײַנע שעפערישע אײַנשטעלונגען, געפינט טאַירעאָװ, אז דערדאָזיקער דראַמאַטורגישער שטאָף פּאַסט זיך ניט צו צו זײַן שעפערישן מעטאָד. מיטן דראַמאַטורג װסעװאָלאָד װישנעװסקי — אַדעראַבע: — זיי האָבן געפונען א געמיינזאַמע שעפערישע שפּראַך.

ביכלל באַמערקן מיר די לעצטע צײַט — באַזונדערס, אין די מאָסקװער רוסישע טעאַטערס — אז באַשטימטע טעאַטערס, פאַרבינדן זיך אַלץ ענגער און אָרגאַנישער מיט באַשטימטע דראַמאַטורגן. דאָס העלפט דעם פּראָצעס פון דער זעלבסטבאַשטימונג פון ביידע צדדים. עס גייט ארויס צוביסלעכװײַז פון דער מאָדע די פריערדיקע באַציִונג מיצאַד דער רעזשי צום דראַמאַטורג. װײַל נאָך גאָר דאָ ניט לאַנג פלעגן די רעזשי־מײַסטערס קוקן אָפּ דעם װערק, װאָס דער דראַמאַטורג פלעגט זיי געבן, װי אַף רױשטאָף, פאַר װעלכן זיי האָבן װייניק דערעכערעץ געהאַט: זיי פלעגן אָפּט אזעלכע מינים אָפּעראַציעס דורכמאַכן מיטן דראַמאַטורגישן שטאָף, אז דעם אַװטער פלעגט זײַן שװער זײַן װערק דערקענען. אָבער אויב, לעמאָשל, דער דראַמאַטורג נ. פּאָגאָדין האָט זיך אָרגאַניש ארײַנגעגלידערט אינעם קאָלעקטיװ פון „רעװאָלוציע־טעאַטער", איז שוין שװער זיך פאָרשטעלן, אז די רעזשי פון דעמדאָזיקן טעאַטער זאָל אַזוי „איבעראַרבעטן" זײַן פּיעסע, אז פּאָגאָדין זאָל זײַן פּיעסע ניט דערקענען.

ביכלל דאַרף מען זאָגן, אז סײַ די גרעסערע, סײַ די קלענערע רעזשי־מײַסטערס — װייניקסטנס אין די מאָסקװער אָנגעזעענע טעאַטערס — האָבן זיך אויפגעהערט צו יאָגן נאָך

פאָרמ־פארשפיצטקײַט, וואָס ברענגט אָפט שאָדנ דער אידייִשער קלאָרקײַט פונעמ ספעקטאקל. וויפל ספעקטאקלענ האָבנ מיר געהאט, ווו אינעמ יאמ פונ רעזשיסערישע האמצאָעס את טריוקנ, פארשיידענע „פאָרמאליסטישע קונצנמאכערײַענ פלעגט דערטרונקענ ווערנ דער „וואָס בינ איכ אויסנ" פונעמ ספעקטאקל. דער רעזשיסער פלעגט פארשטעלנ מיט זײַנ פיגור אי דעמ דראמאטורג, אי דעמ אקטיאָר. דער אקטיאָר פלעגט אינ אזעלכע פאלנ, ווי באוווסט, קימאט פארוואנדלט ווערנ אינ א מאריאָנעטקע.

דאָ פלעגט נאָכ שפילנ א קאָלאָסאלע ראָלע דער פאקט, וואָס די רעזשי פלעגט אינ פראָצעס פונ גרייטנ דעמ ספעקטאקל מאָביליזירנ צופיל בלענדנדיקע פארבנ, צופיל מוזיקאלישע טענער, סײַ וואָקאלע, סײַ אינסטרומענטאלע, אונ דערצו נאָכ א צוגאָב—ראדיאָ.

אָט די אלע דערשײַנונגענ האָבנ א שײַכעס צומ נעכטיקנ טאָג. מיר באמערקנ איצט א טענדענצ בא רעזשיסערנ פונ פארשיידענע ריכטונגענ פריִער פאר אלצ דערטראָגנ דעמ צושויער די הויפט־אידייע פונ דער פיעסע אונ דעריקער דורכ דער שפיל פונ אקטיאָר. די מיטלענ, דורכ וועלכע דער טעאטער שטרעבט דערגרייכנ זײַנ גרעסטע אופווירקונג אפנ צושויער, ווערנ אײַנפאכער, באשיידענער, אָבער דערפונ פארלירנ זיי ניט זייער איבערצײַגנדיקע, מאָביליזירנדיקע קראפט.

דאָס ווערט דערגרייכט דורכדעמ, וואָס, ניט אראָפגליטשנדיק זיכ צו נאטוראליזמ, דערלאנגט מענ דעמ ספעקטאקל דעמ צושויער אינ א פארשטענדלעכער, אינ א צוטריטלעכער פאָרמ.

אָט דאָ קענ זיכער דינענ אלס מוסטער דער ספעקטאקל—„די מאטראָסנ פונ קאטאראָ" וואָס דער רעזשי־מײַסטער דיקי האָט באשאפנ אינ מאָסקווער „ו.צ.ס.פ.ס.־טעאטער"—געוועזענער „פראָלעטקולט־טעאטער". קלוג אויסגערעכנט, דורכגעארבעט אלע מיזאנסצענירונגענ, שטרענג אויסגעפלאנעוועט די ליניעס פונ די אקטיאָרישע באוועגונגענ, קלאָר, דײַטלעכ דערלאנגט דאָס וואָרט, רעאל געגעבנ ווינקלענ פונ דער שיפ אונ צוויי־דרײַ נייטיקסטע ראקורסנ. א שטרענגער מאָנומענטאלער סטיל, גרויע, שטרענגע פארבנ.

אינ אלע דרײַ מערקווירדיקסטע שטעלונגענ, וואָס מע האָט פארטיק געמאכט צו די אָקטיאבער־פײַערונגענ — „די מאטראָסנ פונ קאטאראָ", „מײַנ פרײַנט" אונ „צײַט־פאָרויס" האָבנ מיר פארהעלטניסמעסיק א פארשיידענע דעקאָראטיווע אויספורעמונג, ווו דער אקטיאָר ווערט ניט דערטרונקענ אינ דעקאָראטיווער פראכט.

אָבער אינדערצײַט, ווענ אינ „מאטראָסנ פונ קאטאראָ" הארמאָנירט פולשטענדיק די אויספורעמונג מיט דער גרונט־אידייע, מיט דעמ טאָנ, מיט דער שטימונג פונ ספעקטאקל, האָבנ מיר אינ „מײַנ פרײַנט" אינ פראט פונ דעקאָראציע, פונ אויספורעמונג ניט קיינ געלונגענעמ אײַנפאל. דעמ קינסטלער, ווי אויכ דער רעזשי איז געפעלנ געוואָרנ זיכ אָפזאָגנ סײַ פונ געמאָלטע לײַוונטנ (עס שמעקט מיט ארכאיִזמ), סײַ פונ קאָנסטרוקציעס. זיי האָט זיכ פארגלוסט אויסנוצנ א געוויסע סטיל־אייגנשאפט פונ אונדזער עפאָכע — פאָטאָ־מאָנטאזשנ. אלזאָ, קומט דאָ פאָר די שפיל פונ אקטיאָר אפנ פאָנ פונ פארגרעסערטע פאָטאָגראפיעס. וויל, צומ בײַשפיל, דער רעזשיסער סיגנאליזירנ דעמ צושויער, אז די האנדלונג קומט פאָר אינ זאוואָד, לאָזט זיכ אראָפ אפ דראָטנ (טראָסנ) א גרויסע פאָטאָגראפיע פונ א געוויסנ ווינקל אינ א זאוואָד־צעכ. געענדיקט דער עפיזאָד, ווערט פינצטער אפ דער בינע, אפ דיזעלבע דראָטנ לויפט ארופ צומ באלקנ די פארגרעסערטע פאָטאָ אונ אָנשטאָט איר לאָזט זיכ אראָפ א צווייטע פאָטאָ. עמעס, איר האָט דאָ פאר זיכ אנ אָפקלאנג פונ די פאָטאָ־מאָנטאזשנ, מיט וועלכע מיר באצירנ אונדזערע פלעצער אונ אנשטאלטנ, ווענ מיר פײַערנ אונדזערע

יאָנטויווים, ווענ מיר מאכנ אויסשטעלונגענ א. א. וו. דוכט זיכ, א מאניער, וואָס איז באקאַנט דעמ צושויער. אָבער עס ווייעט פונ אָט די אָפּגעבליאקעוועטע, פלאטשיקע פאָטאָרעמלעכ מיט א מאָדנער קאלטקײַט, מיט א טרוקנקײַט, אונ עס איז א סוואָרע, אז אָט די אויספורעמונג דערעסט דעמ צושויער זייער גיכ אונ שוואכט אָפּ וואָס ווײַטער אלצ מערער די עמאָציאָנעלע אופווירקונג פונעמ ספעקטאקל אינגאנצנ גענומענ אפנ צושויער.

די אויספורעמונג אינ „צײַט־פּאָרויס" איז א נאטוראליסטישע: איר האָט דאָ אפ דער בינע קלעטער־געשטעלנ, רישטעוואניעס, הויפנס אָנגעוואָרפענע בוי־מאטעריאלנ, א קליינ שטיבעלע — א שטיקל קאָנטאָר — דאָס אלצ גיט א רעאלע פאָרשטעלונג וועגנ א געוויסנ פונקט פונ דער בויונג, אָבער דאָס אלצ בלײַבט אינ מעשעכ פונ דער גאנצער פּיעסע קימאט ניט געענדערט. דער צושויער ווערט גיכ צוגעוווינט צו דער דעקאָראציע אונ אינטערעסירט זיכ מיט איר מער ניט — אימ אינטערעסירט בלויז די האנדלונג צווישנ די לעבעדיקע פערזאָנענ.

איכ האָב זיכ אזוי לאנג אָפּגעשטעלט אפ דער אויסערלעכער אויספורעמונג פונ די אויבנדערמאָנטע פּיעסנ, קעדיי צו דערווײַזנ, אז אינ אָט די דרײַ מערקווירדיקסטע שטעלונגענ האָט די אויסערלעכע אויספורעמונג ניט צופיל פארכאפּט דאָס אויג פונ צושויער, אז איר ראָלע איז דאָ געווענ א באשיידענע. דאָס אליינ האָט פארגרעסערט די פאראנטוואָרטלעכקײַט פונ דעמ אקטיאָר, דאָס אליינ האָט געשטויסנ סײַ דעמ רעזשיסער, סײַ דעמ אקטיאָר אָפּגעבנ די גרעסטע אכטונג דער מײַסטערשאפט פונעמ אקטיאָר. דאָס איז ניט קיינ צופעליקײַט.

אונדזער טעאטער טרעט ארײַנ אינ א נײַעמ עטאפּ. דאָס איז פילײַכט דער וויכטיקסטער עטאפּ אינעמ לעבנ פונ סאָוועטישנ טעאטער. עס פורעמט זיכ אויס דער נײַער מענטש — א נײַער סאָציאלער טיפּ. דער טעאטער דארפ שילדערנ מוסטערנ פונ אזא נײַעמ טיפּ. בעהאדראָגעדיק אנטפלעקנ זיכ מוסטערנ פונ נײַע פערזענלעכקײַטנ, וואָס טיילנ זיכ אויס מיט א באזונדער שטארקער אקטיווקײַט. די צוזאמענשטויסנ צווישנ די פערזאָנענ, וואָס פיגורירנ אינ אונדזערע פּיעסנ, וועלנ טראָגנ אפ זיכ דעמ שטעמפּל פונעמ העפטיקנ אידייענקאמפּ, מיט וועלכנ עס טיילט זיכ באזונדערס אויס אונדזער שטורמישע עפּאָכע. דארפ שוינ דער אקטיאָר זײַנ שעפערישנ מעטאָד פארטיפערנ, דארפ די ראָלע פונעמ אקטיאָר אומגעהויער אויסוואקסנ.

ביז אהער, ביז די לעצטע יאָרנ האָט דער אקטיאָר—צוליב די סאטירישע צילנ פונעמ טעאטער, צוליב זײַנ קאמפּ מיטנ אלטנ — געשאפנ אינ אסאכ טעאטערס צומייסטנ ניט קיינ טיפּנ, ניט קיינ אינדיווידוומענ, נאָר בלויז סאָציאלע מאסקעס. דאָ האָט געהערשט דער פלאקאטנ־סטיל—אבסטראקטקײַט, אינדיווידועלע באגרענעצטקײַט, דאָ פלעגט אויסגעדראָשנ ווערנ די אינדיווידועלע קאָנקרעטקײַט פונעמ לעבעדיקנ געזעלשאפטלעכנ מענטשנ.

איצט ווערט בא די אקטיאָרנ צוביסלעכ אויסגעהויכט דער טשאד פונ מעכאניסטישע טעאָריעס. זיי נעמענ זיכ איבערשאצנ די אלטע ווערטנ. באדײַטנדיקע גרופּעס אקטיאָרנ וואָס האָבנ פאר די לעצטע יאָרנ דורכגעמאכט א געוויסנ מעהאלעכ פונ דער פריערדיקער פראָפעסיאָנעלער באגרענעצטקײַט צו א העכערער קולטור־שטופע (אי פּאָליטיש זיכ אנטוויקלט, אי געהעכערט די קוואליפיקאציע, דעמ אלגעמיינעמ אידייִש־קינסטלערישנ באגאזש), האָבנ גענומענ איבערקוקנ זייער שעפערישנ מעטאָד, אייניקע פונ זיי זײַנענ געקומענ צומ אויספיר, אז קיינ איינע פונ די צוויי קעמפנדיקע טעאטראלע ריכטונגענ—סטאניסלאווסקיס סיסטעמ אונ מייערכאָלדס ביאָמעכאנישע פרינציפּנ — פארענטפערנ ניט ביז לעצט די וויכ־

טיקסטע פּראָבלעמעס פון אַקטיאָרישער שאַפונג אין באַצוג צו די הײַנטיקע אויפגאַבעס פון אונדזער טעאַטער.

איז דעם זין זײַנען זייער סימפּטאָמאַטיש די אויספירן, צו וועלכע עס איז געקומען די אַקטריסע פון „רעוואָליוציע־טעאַטער״ (געוועזענע אַקטריסע פון „מייערכאָלד־טעאַטער״) באַבאַנאָווא.

דערצויגן אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּן פון מייערכאָלדס ביָאָמעכאַנישער סיסטעם, שרײַבט זי איצט אין איר אַרטיקל—זע זשורנאַל „סאָוועטסקי טעאַטער״ נומ. 1., 1933 י:

„מיר האָט זיך אײַנגעגעבן קלאָר מאַכן איין זאַך: אַז אַ ריי געזעצן, וואָס ק. ס. סטאַניסלאַווסקי האָט אַנטדעקט, בלײַבן ווי אַלגעמיינע שאַפונג־געזעצן, און עס וואָלט פון אונדזער זײַט געווען דער גרעסטער פעלער מיט אָט די געזעצן זיך ניט באַנוצן. מיר האָבן זיך אַזוי פאַרקאָכט אין די נײַע שפּיל־מאַניערן (פון מייערכאָלד און זײַנע נאָכפאָלגער— י. ל.), אַז מיר האָבן פאַרנאַכלעסיקט איינעם פון די וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער שאַפונג פונעם אַקטיאָר — די טרענירונג פונעם אַקטיאָרס פּסיכאָלאָגישן אַפּאַראַט. אין דעם באַשטייט דאָך די גאַנצע קראַפט פון די אַקטיאָרן פון סטאַניסלאַווסקיס שול. מיר האָבן פאַרברעכעריש ניט דערשאַצט די גוואַלדיקע קראַפט, וואָס עס פאַרמאָגט אונדזער פּסיכישער אַפּאַראַט.

אָן דעם איז שווין בא הײַנטיקן טאָג אומעגלעך טיף און ריכטיק אויפדעקן דעם אינהאַלט פון אַ געשטאַלט. ד. ה. עס איז אומעגלעך ווי עס געהער צו זײַן באַהערשן די געדאַנקען און געפילן פונעם מאָדערנעם צושויער״.

דאָ דערציילט באַבאַנאָווא, ווי זי האָט געזוכט די פּאַסיקע מיטלען צו פאַרקערפּערן דאָס געשטאַלט פון גאָגאַ אין דער פּיעסע פון פײַקאָ: „דער מענטש מיטן פּאָרטפעל״. אין פּראָצעס פון אָט די זוכענישן האָט זי געמאַכט פאַר זיך די אַנטדעקונג, אַז „די עמאָציע שפּילט אַ ·קאָלאָסאַלע ראָלע אין דער שאַפונג פונעם אַקטיאָר״.

„פאַרשטייט זיך״, גיט צו באַבאַנאָווא, „דאָס פאַרמינערט ניט אַף קיין האָר די באַדײַטונג פון ראַציאָנעלע מאָמענטן אין דער שאַפונג פונעם אַקטיאָר, ווען ניט, וואָלט דער אַקטיאָר דערטרונקען געוואָרן אינעם כאַאָס פון זײַנע עמפּינדונגען״.

ווען מיר טראַכטן זיך אַרײַן אין מייערכאָלדס לעצטע שטעלונגען, באַזונדערס אין זײַן לעצטער שטעלונג — „די אײַנלייטונג״ („ווסטופּלעניע״ — דראַמאַטורגישער שטאָף פון יונגן שרײַבער גערמאַן), וואַרפט זיך אונדז אין די אויגן, אַז מייערכאָלד האָט אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס געענדערט זײַן פּאָזיציע בנוגע דעם פּסיכאָלאָגישן מאָמענט אין דער שפּיל פונעם אַקטיאָר. איר האָט דאָ אַסאַך ווייניקער ריין־אויסערלעכע דינאַמיק, ווי אין זײַנע פריִערדיקע שטעלונגען.

זוכנדיק וועגן, וויאַזוי מיט טעאַטראַלע מיטלען פאַראַלגעמיינערן געוויסע דערשײַנונגען קומען אַסאַך טעאַטער־טוער צום אויספיר, אַז דער הויפּט־אויסדריקער פונעם אידייִשן טאָך פון אַ דראַמע, דער וויכטיקסטער פאַקטער, וואָס בינדט אָרגאַניש צונויף די געוועבן פון אַ ספּעקטאַקל, איז דאָס לעבעדיקע געשטאַלט אַף דער בינע.

ניט אומזיסט האָבן אונדזערע באַוווּסטע דראַמאַטורגן אַפינאָגענאָוו און קירשאָן — אַפן פּלענום פון אָרגקאָמיטעט פון די סאָוועטישע שרײַבער (פון 11־טן ביזן 20־טן פעוורואַל 1933 י.)—באַהויפּטעט, אַז דעם אויבנאָן אין אונדזער דראַמאַטורגיע, אין אונדזער טעאַטער, דאַרף פאַרנעמען די כאַראַקטערן־פּיעסע אין קעגנזאַץ צו די סיטואַציע־פּיעסן.

עס איז אָן צווייפל, אז אינ אָט דער נייגונג, אינ אָט דער ווענדונג האָט געשפּילט א קאָלאָסאלע ראָלע גאָרקיס פּיעסע „יעגאָר בוליטשאָוו און אנדערע״, באַזונדערס איר געלונגענע אופירונג אפ דער בינע פונעם מאָסקווער „וואכטאנגאָוו־טעאטער״.

א מאָדנע זאכ: דידאַזיקע פּיעסע פארמאָגט ניט קיינ אינטריגע. איר קענט דאָ געפינענ קאָמפּאָזיציאָנעלע פעלערנ, אונ פונדעסטוועגנ איז זי געוואָרנ א מוסטער פאַר אונדזער דראמאטורגיע. דאָס איז דערפאַר, וואָס איר האָט דאָ א טיפנ פילאָסאָפישנ געדאנק, אנ אומגעהויער קלוגנ אונ קינסטלעריש־בארעכטיקטנ צוגאנג צו דער כאראקטעריסטיק פונעם קלאסנ־סוינע, אנ איינפאכקייט אונ קלאָרקייט אינ די באַציִונגענ צווישנ די פערזאָנענ פונ דער פּיעסע אונ אנ אויסגעצייכנטע שפּראכ. דאָס וואָרט האָט דאָ געקראָגנ די וואָגיקייט, וואָס מיר האָבנ שוינ לאנג ניט באגעגנט אינ אונדזער דראמאטורגיע.

דער צווייער אונדזערער האָט זיכ פארבענקט נאָכנ שאַרפזיניקנ קלוגנ געשליפענעם וואָרט, דאָס אינטערעסירט אים איצט פילייכט מער, ווי אויסערלעכע דינאמיק אונ עפעקטועלע דעקאָראציעס.

דעריבער האָבנ אסאכ פונ אונדזערע דראמאטורגנ גענומענ איבערקוקנ, רעווידירנ זייער באַציִונג צו די קלאסיקער, גענומענ זיכ לערנענ בא די בעסטע פונ זיי, אופכאפּנ טיפע פּראָבלעמעס, מאכנ אימפּעטפול, שפּאנונגפול די האנדלונג, דעם סיוזשעט, ארייַנוואַרפנ אינ דיאַלאָג גלענצנדיקע אפאָריזמענ... דעריבער איז אזוי נאטירלעכ, וואָס מע האָט אזוי אָפט גענומענ ריידנ וועגנ שעקספּירנ, בא וועמענ מיר קענענ אסאכ נעמענ, איבערשאצנ אונ אויסנוצנ.

ל. צארט.

# וועגנ כ. שאַיעוויטשעס „אפנ בוקסיר“.

דער ארבעטער־שלאָגלער כ׳ שאַיעוויטש פארמעסט זיכ ניט אינעם רעצענזירטנ ביכל צו מאָלנ קיינ „אויסגעדיכטעטע“ דאָמנעס און שאכטעס, נאָר באשרײַבט פּאָשעט און עמעסדיק א ווינקעלע פונ אונדזער לעבנ, וואָס איז אימ אמערסטנ באקאנט.

אלס אָביעקט פאר זײַנ שאַפונג נעמט ער די סוויווע פונ אזעלכע ארבעטער, וואָס געפינענ זיכ אינ דער מערהײַט אינ סטאדיע פונ „ווערנ“. אינ גרעסטנ טייל זײַנענ דאָס ארבעטער פונ דער ניי־אינדוסטריע, וואָס קומענ פונ קליינע קוסטארישע ווארשטאטנ און קליינע שטעטלעכ. די פּראָבלעמ פונעמ איבערגעבורט פונ דידאָזיקע שיכטנ—דאָס איז אזוי ארום די צענטראלע פּראָבלעמ, וואָס אינטערעסירט דעמ אווטער.

אָבער דידאָזיקע פּראָבלעמ איז פאנאנדערגעארבעט ניט אומעטום אײנהײַטלעכ. דעמ אווטער גיבנ זיכ איבערהויפּט אײַנ יענע מאָטיוונ, ווו ער פאָלגט ניט נאָכ קיינ פארטיקע ליטערארישע קאנאָנעס, נאָר ער רעדט מיט זײַנ אייגענער שפּראַכ.

אינ אייניקע דערציילונגענ, האָבנ מיר באשטימט מער פארטיפערטע סיטואציעס, ווו דער אווטער פארמעסט זיכ אויפצודעקנ די אינערלעכע וועלט פונ זײַנע העלדנ, ווו ער פּרווט אָנצייכענענ דעמ גאנצ שווערנ וועג פונ אויסלעבנ אלטע טראדיציעס, פונ קאמפּ מיטנ קלאסנ־סוינע און אָפּטמאָל מיט זיכ גופע. דידאָזיקע אלע מאָטיוונ ווערנ אָבער ניט טראקטירט אָפּגעשלאָסנ און איזאָלירט פונעמ גאנצנ ארום, נאָר ווערנ באוויזנ אפנ פאָנ פונ קאָנקרעטע פאקטנ און געשעענישנ פונ פאבריק־לעבנ. דאָס איז מערסטנ ווו ער באוויַזט די קויכעס־צעשטעלונג אפ דער פאבריק ארומ דער פראגע פונ סאָציאַליסטישע פאָרמעס פונ ארבעט.

אינ דעמ זינ איז כאראקטעריסטיש די דערציילונג „די קאָמונקע“, וואָס איז געוויס פונ די בעסערע אינעמ ביכל. „די קאָמונקע“ האָט אייגנטלעכ ניט קיינ באשטימטנ סיוזשעט, ארומ וועלכנ עס זאָלנ זיכ קאָנצענטרירנ די געשעענישנ—דאָס איז גיכער א פארצייכענונג פונעמ פאבריק־לעבנ אינ זײַנ טאָגטעגלעכקײַט. א פארצייכענונג וועגנ דעמ, וויאזוי די בעסערע ארבעטער פונ פאבריק שלאָגנ זיכ פאר הויכע טעמפּנ אינ דער ארבעט. דעמדאָזיקנ פּראָצעס האָט דער אווטער געוויזנ אפ א ברייטערנ טיפּאוש, אָבער אונדזער אויפמערקזאמקײַט ווערט געריכטעט הויפּטזעכלעכ אפ צוויי העלדנ — אפ דעמ שלאָגלער און ענטוזיאסט פונ סאָציאַליסטישער ארבעט עליִע שײנינס און אפ דעמ בארײַסער בורטשיק. די פיגור פונעמ ערשטנ איז גאנצ קארג אָנגעצייכנט און האָט אינ זיכ ווייניק פּראלגעמײנערונג־שטאָף.

דער צווייטער, בורטשיק, איז באשטימט כאראקטעריסטיש—סײַ מיט זײַנ האנדלונג, סײַ מיט זײַנ ארט ריידנ א. ד. גל. דער אווטער האָט בורטשיקנ געוויזנ אלס טיפּ פונ אנ אָפּגע־

שטאנענעם ארבעטער, וואָס רעאגירט אפֿנ גאנצנ ברויזנדיקנ לעבנ פונ דער פאבריק מיט איינ „פאָרמולע": „מיַינ דיַיגע, כ'האָב זיי אינ דער ערד", אָבער ער האָט זיכ אפ דעמ ניט אָפגעשטעלט אונ באוויזנ, וויאזוי דידאָזיקע פאסיווקיַיט האָט אירע באשטימטע קלאסנ־וואָרצלענ אונ סיבעס. אינ פארלויפ פונ דער דערציילונג באקומענ מיר וועגנ אימ א קלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ א נעכטיקנ קוסטאר־באלעגופ, וואָס בענקט נאָכ אמאָליקע „גוטע טעג".

דער אווטער באנוגנט זיכ אָבער ניט מיט דעמ, וואָס ער באוויַיזט דעמ פאָנעמ פונ אנ אָפענעמ קלאסנ־סוינע, ער פרוווט אָנצייכענענ מיט מער פארטיפערטע מיטלענ אונ דינע שטריכנ אויכ אנדערע פיגורנ, וואָס זיַינענ ניט קיינ קלאסנ־סאָנימ אונ דאָכ שטערנ זיי אזוי אָדער אנדערש אונדזער בויונג. אונ דאָס ברענגט אימ שוינ צו דער פראָבלעמ וועגנ רעשטלעכ פונ קליינבירגערלעכער פסיכאָלאָגיע בא איינִיקע פאָרשטייער אינ אונדזער לאגער גופע.

ארומ דערדאָזיקער פראָבלעמ קאָנצענטרירט זיכ דער גאנצער שטאָפ פונ דער דערציילונג „אומרו", אינ וועלכער דער אווטער וויַיזט, וויאזוי די פאבריק דערציט איבער יענע ארבעטער, וואָס האָבנ זיכ באפריַיט פונ זייער נעכטנ, וואָס האָבנ געשטעלט דעמ אייגענעמ פערזענלעכנ אינטערעס העכער פארנ אלגעמיינעמ. דידאָזיקע פראָבלעמ ווערט באארבעט אויסערלעכ אפ א צופעליקנ אונ ניט כאראקטעריסטישנ שטאָפ. אָבער דער אווטער דערפירט זי ביז א באשטימטער פאראלגעמיינערונג. אלס אויסגאנג־פונקט איז דאָ גענומענ געוואָרנ אזא קאָליזיע: דער אלטער ארבעטער לייב איז אנ „אויסגעשפילטער שטעפער", וואָס ארבעט פאר דריַי, אָבער אָפטמאָל קומט אפ אימ אָנ די „בינ" — ער הייבט זיכ אופ פונ אָרט אונ פאָרט אוועק.

„לייב פאָרט וויַיטער זוכנ גליקנ. ער קאָנ אפ קיינ אָרט ניט איַינזיצנ. ווי א ווינט טראָגט ער זיכ פונ שטאָט צו שטאָט. פונ פאבריק צו פאבריק. אומעטומ קאָנ מענ אימ יעדער ניי־פאבריק נעמט אימ גערנ צו. צווישנ ארבעטער איז ער פארשעמט אונטערנ נאָמענ „דער אומרו" (ז. 59).

דערדאָזיקער „בינ", ווי די ארבעטער כאראקטעריזירנ דעמדאָזיקנ צושטאנד פונ לייבנ, איז אָבער אינ די באדינגונגענ פונ אָנגעשטרענגטער פלאנאָווער ארבעט עטוואָס מער פונ „מענטשלעכע שוואכקיַיט". די גאנצע דערציילונג מיט איר גאנצער ארגומענטאציע זאָגט וועגנ דעמ, אז: 1) מיר האָבנ דאָ וויַיט ניט צו טאָנ מיט א מינ „ארטיסטישנ" אומרו, נאָר מיט אזא שטריכ, וואָס איז אריַינ אינ בלוט אונ פלייש פונ לייבענ אינ פארלויפ פונ צענדליקער יאָרנ ארבעט אונ אומוואנדערונג פונ איינ קאפיטאליסטישער פאבריק אינ א צווייטער אונ 2) אז די סאָוועטישע פאבריק מיט איר פולסירנדיקנ לעבנ מוז צעקלאפנ די אלערליי פאלשע פאָרשטעלונגענ וועגנ אבסטראקטער „פריַיקיַיט", וואָס דערלויבט דעמ ארבעטער אינ די קאפיטאליסטישע לענדער „פריַי" צו יאָגנ זיכ נאָכ ארבעט... לייבס שכיינע, ראָכעלע, אשטייגער, פארשטייט עס שוינ זייער גוט, אונ די גאנצע מאָדנע אופירונג כונ דעמדאָזיקנ אומרו", וו ס וויל זיכ ניט צופעסטיקנ צומ פאבריק, רופט ארויס נאָר איינ רעאקציע:

„מאָדנע, אינ אויסלאנד וואָלטנ ארבעטער צופרידנ געווענ, ווענ מע פעסטיקט זיי צו צו א פאבריק, אונ איר נעמט זיכ איבער"... (ז. 62).

אונ זיגנ זיגט, סאָפקאָלסאָפ, ניט דער „פריַיער גיַיסט" פונ לייבנ, נאָר די גאנצע אטמאָספער פונ פריידיקער ארבעט אפנ פאבריק.

סײַ די שטעלונג פונ דערדאָזיקער פראָבלעם, סײַ איר פאנאנדערארבעטונג (באווײַזנ לייבס ארבעט אינ ענגלאנד, פונוואנענ מע שיקט אימ ארויס; די באציִונג צו אימ מיצאד זײַנע כאוויירימ א. א. וו.) ווײַזנ, אז דער אווטער איז פייִק צו ווײַזנ א מער פארטיפערטנ סאָציִאלנ אָדער פערזענלעכנ קאָנפליקט.

דער גרונט־טעזיס, אלזאָ, איבער וועלכנ עס ארבעט שאיעוויטש, איז דער מאָטיוו וועגנ ארבעט אפ אונדזערע סאָציִאליסטישע אונטערנעמונגענ אלס זאכ פונ קאָוועד אונ רומ.

מע דארפ אָבער דערבײַ אָפּציייכענענ, אז ניט אומעטומ ווערט דערדאָזיקער טעזיס ריכטיק טראקטירט. אָפטמאָל ווערט ער זייער פארשמעלערט אונ אוטרירט. אָט האָבנ מיר, אשטייגער, אזא לאגע: דעמ אלטנ פרעסער שאָלעמ האָט מענ איבערגעפירט אינ קאָנטראָל־בודקע בא די טאבעל־נומערנ, דערפאר וואָס צוליב זײַנ שוואכקײַט האָט ער אָנגעהויבנ ביסלעכווײַס אָפּשטיינ פונ דער ארבעט אונ געשטערט דערמיט דער פלאנ־מעסיקער ארבעט פונעמ קאָנווייער. דער שווערפונקט פונ דערדאָזיקער דערציילונג („באמ טויער“) וואָלט געדארפט זײַנ אינ באווײַזנ, ווי אזוי 1) די סאָוועטישע פאבריק ווארפט ניט ארויס דעמ ארבעטער הינטערנ טויער, נאָר באזאָרגט אימ מיט אנדערע לײַכטערע ארבעט, 2) אז אינ די באדינגונגענ פונ אונדזער סאָציִאליסטישער פאבריק איז ניטאָ קיינ „שיינע“ אונ „מיִעסע“ ארבעטנ, אונ אָפּהיטנ, אשטייגער, די סאָוועטישע האָב אונ גוטס באמ טויער, איז ניט ווייניקער וויכטיק אונ רומפול, ווי די ארבעט באמ קאָנ־ווייער. אינ אזא פלאנ, וואָלט, ווי געזאָגט, געווענ לײַכט צו רעאליזירנ דידאָזיקע דערציי־לונג אונ אינ אזא פלאנ בויט זי זיכ איינגטלעכ. דעמ אווטער אָבער, קענטיק, געפעלט ניט אזא מינ לייזונג אונ ער גיט מיטאמאָל „א קער אָנאזײַט“ אונ די דערציילונג נעמט אָנ אזא ריכטונג:

„דער שניי פאלט, שאָלעמס שווארצער פעלצ איז ווײַס פונ שניי. זעט טאקע שאָלעמ אויס ווי א ווײַסער האָריקער בער א גרויסער. אינ הארצנ א פארדראָס. פילט זיכ שאָלעמ ווי אנ אָפּגענארטער. מענטשנ גייענ אפ ארבעט, מע שאפט, מע בויט, אונ שאָלעמ טוט גאָרניט. שאָלעמ קוקט זיכ צו צו זײַנע כאוויירימס פּענעמער: טײַערע שטריכנ, נאָענטע אָנבליקנ. קאָנ שאָלעמ זייערע אלע פּאָסטעמקעס, אָבער ער פילט, ווי די כאוויירימ דערווײַטערנ זיכ פונ אימ. דאָס געמיינזאמס, וואָס האָט זיי פארבונדנ, ווערט פארפאלנ. דער פאָדעמ פונ פרײַנטשאפט ווערט דינער. אָט רײַסט ער זיכ איבער. מע גייט פארבײַ, מע טוט א בורטשע:

— גוט מאָרגנ!

— גוטנ טאָגו!

אונ אויס. שאָלעמ, שאָלעמ דער געניטער פרעסער, פארנעמט שוינ בא קיינעמ קיינ אָרט ניט“.

שאָלעמ באקומט סאָפּקאָלטאָפּ א מער לײַכטערע ארבעט אונ קערט זיכ אומ צוריק אינ צעכ, ער—אונ דער אווטער צוזאמענ מיט אימ — זײַנענ וייער צופרידנ פונ דערדאָזיקער לייזונג. אָבער גאָר בא אנ אנדער מיינונג קענ זיכ, אשטייגער, האלטנ דער לייענער, וועלכער קאָנ אײַנזענ אינ דער פארשמעלערונג פונעמ סטאלינישנ לאָזונג וועגנ ארבעט אלס קאָוועד אונ רומ, וואָס ווערט אריבערגעטראָגנ נאָר אפ אייניקע פראָפעסיעס

און וואָס האָט אוויארום אין זיך דעם גאַנצן בײַטאָם פון טרײַדיוניאָנישן אַריסטאָקראַטיזם...

און אויך ניט באַפרידיקנדיק איז אין דעמדאָזיקן ציקל דערציילונגען „בערשט״, וווּ דער אויטער רירט אָן דעם מאָטיוו פון דערפינדערײַ אין פאַבריק. אין דערדאָזיקער דערציילונג איז דער אויטער ניט אַוועק ווײַטער פון אַ באַשטימטן שטאַמפּ, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט באַם פאַנאַנדעראַרבעטן דעמדאָזיקן מאָטיוו. דאָ האָט איר אין גרונט די גאַנצע באַקאַנטע סכעמע וועגן ביוראָקראַטן, וואָס פאַרמײַדן אַ דערפינדער, אַ „גליקלעכן סאָף״, אין וועלכן „ס׳זיגט דער עמעס״ א.א.וו. א. וו.

קיין איינער פון די פיגורן פון דערדאָזיקער דערציילונג האָט ניט קיין אינדיווידואַליזירטע שטריכן, וואָס זאָל זיי אויסטיילן פון די איבעריקע, און דער אויטער אַליין, קענטיק פילט עס, ווײַל קעדיי צו דערגאַנצן באַם לייענער די פאָרשטעלונג וועגן פערסאָנאַזש פון דער דערציילונג, קומט ער אָן צו אַזאַ מיטל: ער צווינגט איינעם פון זײַנע העלדן שרײַבן צום סאָף פון דער דערציילונג אַ בריוו, וועלכער אַנטהאַלט שוין אַ רײַ כאַראַקטעריסטיקעס פון זײַנע העלדן. און פון דעמדאָזיקן בריוו דערוויסן מיר זיך, אַז דער אינזשענער, וואָס האָט געשטערט רעאַליזירן די דערפינדונג, האָט זיך, „פאַרשטייט זיך״, אַרויסגעוויזן אַלס שעדיקער, אַז דער פאַרוואַלטער פון דער ראַציאָנאַליזאַציע־ביוראָ איז אַ ווילנלאָזער מענטש, וואָס האָט ניט קיין אייגענע מיינונג א. א. וו. א. וו. אָבער דידאָזיקע אַלע כאַראַקטעריסטיקעס, ווי מע זאָגט, דרינגען ניט אַרויס פונעם עצעם שטאָף, נאָר זײַנען, ווי צוגעשפּעפּטע צו דער דערציילונג. אַזעלכע דערציילונגען, ווי „קאָמונקע״, „אומרו״ און אַנדערע גיבן אונדז רעכט צו פאָדערן פון אויטער, ער זאָל ניט גיין אין וועג פון אויסערלעכע „צוגאָב־כאַראַקטעריסטיקעס״, נאָר שטאַרען זיך אויפדעקן זײַנע העלדן דורך און אין זייער האַנדלונג און קאָנפליקטן, ווײַזן זיי אין דער געהעריקער טיפּישער פאַר זיי סוויווע.

און דאָך זײַנען די מאָטיוון פון פאַבריק־לעבן אַמערסטן אינטערעסאַנט. אין דער מערהײַט דערציילונגען פון דעמדאָזיקן ציקל ווײַזט דער אויטער אַרויס אַ גענוגנדיקע באַקאַנטשאַפט מיט דער געמאָלטער סוויווע, פאַרצייכנט אונדז אַ רײַ כאַראַקטעריסטישע שטריכן און דעטאַלן (שטייגער־מאָמענטן, טרעפלעכע דיאַלאָגן און אויסדרוקן פון אַרבעטער א. א. וו.). אין דידאָזיקע דערציילונגען פילט זיך, אַז דאָ איז רעאַליזירט געוואָרן אַ שטיק לעבן־דערפאַרונג און דעריבער זײַנען זיי נאַטירלעך און כאַראַקטעריסטיש. באַדײַטנדיק ערגער איז, ווען דער אויטער נעמט זיך פאַר אַזאַ שטאָף, וואָס דרינגט ניט אַרויס פון זײַן אייגענער דערפאַרונג—דאָ האָבן מיר בולטע שפּורן פון נאָכמאַכונג, פון קאָפּירן ליטעראַרישע מוסטערן אָן אַ שום קריטישן צוגאַנג צו זיי. דער גאַנצער צווייטער טייל פונעם ביכל, וואָס איז פאַראייניקט אין אַ ציקל „האָרעפּאַשנע מאָטיוון״, טראָגט אויף זיך באַשטימט דעם שטעמפּל פון ביכלדיקייט און קינסטלעכקייט.

מע קען, פאַרשטייט זיך, ניט האָבן קיין טײַנעס צום אויטער, האַלעמײַ ער נעמט זיך באַשרײַבן די סוויווע פון האָרעפּאַשניקעס, אָרעמקייט א.ד.גל. דאָס איז אַ טעמע, זיכער, אַ נייטיקע און אין קאָנטעקסט פון דער גרונט־פּראָבלעם, וואָס עס אינטערעסירט דעם אויטער (ווײַזן די עוואָליוציע פון די אַרבעטער, וואָס קומען פון דערדאָזיקער סוויווע), איז דאָס אַוואַדע געזעצמעסיק. איז ווען מיר האָבן דאָ טײַנעס צום אויטער, איז ווײַט ניט צוליב דעם, וואָס ער אַרבעט אויף אַזאַ שטאָף, נאָר היפּשזעכלעך דערפאַר, וואָס דער אויסוואַל פון די פאַקטן איז דאָ ניט קיין געלונגענער און כאַראַקטעריסטישער און וואָס דער אויטער

גייט צו אָפּטמאָל צו דערדאָזיקער סחיווע ווי צו „עקזאָטיק“. דערפון נעמט זיך די פאַר־ביכלדיקייט פון דידאָזיקע דערציילונגען. נעמט, אשטייגער, אזא דערציילונג ווי „אונ־טערגאנג“. אין גרונט האָבן מיר דאָ א גאנץ עמעסדיקן פאקט וועגן דעם, ווי א ניי־געבראכטער אווטאָבוס אין שטעטל שטופט ארויס א גאנצע גרופּע מענטשן (באַלעגאָלעס) פון זייערע פריערדיקע סאָציאַלע פּאָזיציעס און צווינגט זיי זוכן אנדערע באשעפטיקונגען. אינעם פאנאנדערארבעטן דעמדאָזיקן פאקט איז קיין שום זאך, וואָס זאָל ארויסרופן דער־ווידערונג ניטאָ—דער עצעם פאקט איז, ווי געזאָגט, עמעסדיק און נאטירלעך. דערווידערונג רופט מער ניט ארויס דער ראָמאנטישער פינאַל: דער אווטער באנוגנט זיך ניט דערמיט, וואָס די באַלענאָלעס זאָלן אריבערגיין אפ ערד־ארבעט — מיט וואָס זיי אליין, אייגנטלעך, זײַנען מאסקים—און זוכט אויס א „ראָמאנטישן“ מאָטיוו וועגן א באַלעגאָלע, וואָס קאָן ניט צוזען, וויאַזוי עס גייט אונטער דער דוירעסדיקער באַלעגאָלישער ייִכעס און דערהאר־געט אלס נעקאָמע דעם שאָפער פון אווטאָבוס...

פארשטייט זיך, אז דערדאָזיקער „העכסט־אינטערעסאנטער“ פינאַל הארגעט אוועק די גאנצע דערציילונג, וואָס איז געמאָלט אין רעאַליסטישע טענער, פארשטייט זיך, אז דאָ איז אינגאנצן פארקריפּלט געוואָרן די גאנצע פּראָבלעם פון פּראָדוקטיוויזאציע—ווײַל דערדאָזי־קער פאקט בלײַבט אן איינצלנער און ניט כאראקטעריסטישער אפן פאָן פון די טויזנטער אנדערע פאקטן, וואָס דערציילן, וויאַזוי די שטעטלדיקע אָרעמקייַט שליסט זיך יאָ איבער אפ פּראָדוקטיווער ארבעט. דאָס יאָגן זיך נאָך דעם צופעליקן און אויסטערלישן האָט גע־לייגט באשטימט א צייכן אפן מעטאָד פון אווטער—אין דעמדאָזיקן ציקל איז ניטאָ קיין איין מענטש מיט א כאראקטעריסטישער פאר אים אופירונג. די גאנצע האנדלונג פון זיי אַלע איז אויך א צופעליקע און ניט מאָטיווירטע. לאָמיר זיך באנוגענען מיט איין בײַשפּיל, וואָס איז כאראקטעריסטיש דערמיט, וויאַזוי דער אווטער דערקלערט די אופירונג פון א מענטש. אין דער דערציילונג „סאָנים“ איז פאראן אזא פארטראכט: ווײַזן דעם אָנוווּקס פון פּראָטעסט־געפיל מיצאד אן עקספּלואטירטן צו זײַן עקספּלואטאטער, וואָס (דער געפיל) איז שטארקער פון פארשיידענע קרוווישע און שטייגערישע פארבינדונגען. די עצעם פּראָבלעם איז ריכטיק געשטעלט, דער פרווו צו ארבעטן אפ א מער פארטיפערטן מאטע־ריאַל קען באשטימט זײַן פרוכטבאר פארן אווטער, ווען — ווען דער אווטער זאָל טראַק־טירן דעם מענטשן און זײַן האנדלונג אלס רעזולטאט פון א ריי סאָציאַלע פּראָצעסן, וואָס זײַנען געבונדן און געקניפּט צווישן זיך און ניט אלס סומע פון איינצלנע און צופעליקע סיבעס. און אין דעם פאַל איז עס אזוי. בעעמעס: הערצ דער מאליער, וואָס פירט אַלע יאָרן אײַז פאר זײַן קאָרעוו און ווערט פון אים עקספּלואטירט, פּראָטעסטירט ניט, נאָר אז ער איז איינמאָל ארײַנגעפאלן אין טײַך, איז מיט אים פּאָרגעקומען אזא ענדערונג:

„און ווען הערצ האָט זיך ארויסגעדראפעט, איז בא אים דאָס לאָשן געלעגערט געוואָרן.

פון דעמלט אָן האָט מען אים גערופן הערצ היקעוואטע.

הערצ היקעוואטע איז שוין ניט געווען ענלעך אפ הערצ מאליער. שטרענגער איז זײַן פּאָנעם געוואָרן, שארפער — די פּאָסטעמקעס, הארטער—דער כאראקטער, שווע־רער זײַן וואָרט. מיט יוינען פלעגט ער זיך אָפט קריגן. געטײַנעט:

— יוינע, דײַנע פערד זײַנען מײַנע שוטפים, ניט דו! ווײַל מיט זיי האָרעווע איך. מיט דיר טייל איך זיך“, א.א.וו.

אפ וויפל קיינ שום מאטעריאל וועגנ דעמ, וויאזוי דערדאָזיקער פּראָטעסט-געפיל וואקסט אָנ בעהאדראָגע, וויאזוי ער וואקסט אריבער אינ אנ אָפענעמ אומבעראכמאָנעסדיקנ קאמפ צווישנ דעמ עקספּלואטאטער אונ עקספּלואטירטנ, געפינענ מיר ניט — אפ אזויפיל איז ער ניט איבערצייַגנדיק, ווי ניט איבערצייַגנדיק עס זייַנענ די ווייַטערדיקע איבערלעבונגענ אונ האנדלונג פונעמ זעלבנ הערצנ, וועלכע פליִענ אונ בייַסנ זיכ, ווי אינ א קאליידאָסקאָפּ, אונ וואָס גיבנ ניט קיינ מעגלעכקייַט קלאָר פאָרצושטעלנ זיכ, מיט וועמענ האָט מענ דאָ צו טאָנ.

---

דער ערשטער ביכל דערציילונגענ פונעמ כ׳ שאיעוויטש איבערצייַגט אונדז, אז מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט אזא שרייַבער, וואָס ווייסט שוינ גאנצ גענױ, ווי אָנצומאָלנ א סיטואציע, אָנצייכענענ א פּאָרטרעט פונ א לעבעדיקנ מענטשנ, דיפערענצירנ אונ אינדיווידואליזירנ די שפּראכ פונ זייַנע העלדנ א. א. וו. אָבער, ווי געזאָגט, לאָזט זיכ דאָ מערקנ א באשטימטע ניט גלייַכמעסיקייַט. בעעמעס: מיר געפינענ אינ ביכל א ריי בילדער, וואָס זייַנענ אינטערעסאנט אונ אָריגינעל פארטראכט, אונ וואָס גיבנ די ספּעציפישקייַט פונ דער געמאָלטער סוויווע. אזא איז באשטימט דאָס בילד „די מייַסע מיטנ בער“ (אינ דער דערציילונג „בוקסיר“). קלוימערשט גוטמוטיק-איראָניש, אָבער אינ טאָכ גאנצ בייַסיק, ווערט דערציילט וועגנ דעמדאָזיקנ „בער“ — אזוי באצייכענענ די ארבעטער די לאנגע שמועסנ בא דער ארבעט—וואָס צעשטערט אָפּטמאָל דעמ נאָרמאלנ גאנג פונ קאָנווייער. דער אווטער האָט דאָ טרעפלעכ איבערגעגעבנ די מוירע פארנ „בער“ אונ די אָנגעשטרענגטקייַט אינעמ צעכ קאָלזמאנ דער „בער“ איז ניט פארטריבנ.

באשטימט שארפ אונ לייַרנשאפטלעכ איז איבערגעגעבנ די שטימונג אינ צעכ, ווענ עטלעכע טעג נאָכאנאנד גייענ ניט אראָפּ פונ ברעט די צוויי ווערטער: „בראק“ אונ „נאָרמע“.

„ארבעטער גייענ פארבייַ דעמ ברעטל אונ קוקנ. ס׳איז א ביזוייענ. צו וואָס קאָנ דאָס ברענגענ? מע שושקעט זיכ, אונ ס׳פילט זיכ א מינ פאכער פאר א וואָרט. קיינער ברענגט עס ניט ארויס, נאָר עס טראָגט זיכ שוינ אינדערלופט, דאָס וואָרט לעבט שוינ. ס׳האָט נאָכ ניט קיינ נאָמענ, אָבער יעדער פונ די ארבעטער ווייסט שוינ, אז אויב די ציפערנ וועט מענ די פיס ניט אונטערהאקנ, זיי ניט פארשטעלנ דעמ וועג אפ אראָפּ, וועט דאָס וואָרט דעמ נאָמענ באקומענ, אונ א בושע וועט זייַנ. דארפ מענ מיט פלייצעס די אקשאָנעסדיקע ציפערנ אונטערשפּארנ, זאָלנ זיי ניט שפּרינגענ, ניט מאכנ קיינ פאָקוסנ, זיכ ניט רייצנ, אז ס׳זאָל פארדריסנ ביז אינ דער זיבעטער ריפּ“.

דער אווטער לייגט אכט (אונ מיט רעכט) אפנ באזונדערנ דעטאל. אייניקע פונ זיי פירנ אונדז גלייַכ ארייַנ אינ דער אטמאָספער פונ אָנגעשטרענגטער ארבעט, מיט וועלכער עס לעבט די פאבריק אונ גיבנ איבער א באשטימטע לאגע מיט א ײַגענע שילדערונג-מיטלענ.

אָבער צוגלייַכ מיט דעמ מערקט זיכ אָפּטער אנ אנדער דערשייַנונג—ווענ דער אווטער גייט אפ אויסגעטראָטענע וועגנ אונ נעמט ארייַנ אומקריטיש אינ זייַנ ארסענאל אזעלכע אויסדריק-מיטלענ, וואָס זייַנענ שטארק פארעלטערט אָדער צופיל „פּארליטערארישט“. אינ דעמ זינ זייַנענ כאראקטעריסטיש, א שטייגער, די פארגלייַכונגענ, מיט וועלכע דער אווטער נוצט זיכ אָפּט, אונ וועלכע זייַנענ בא אימ, קאָנטיק, א באליבטער מיטל. דער מעטאָד

פונ פארגלײַכונגענ אינ דער ליטעראטור איז, פארשטייט זיכ, ניט אָפּגעפרעגט (ווי עס וויל-
האָבנ אייניקע פאָרמאליסטנ), אָבער אפ וויפל דאָס איז דער „לײַכטסטער" מיטל, פאָדערט
זיכ דאָ א באזונדערע פאָרזיכטיקײַט אונ פארטראכטקײַט. אונ דאָס פעלט גראָד בא שאיע-
וויטשנ. אינ זײַנ שרײַבערישנ לעקסיקאָנ געפינט איר אָפּט אזעלכע שטאמפּנ, ווי „ביימער,
וואָס זעענ אויס, ווי גרײַז-גראָוע זקיינימ", אָדער אזא פארליטעראַרישטנ, אָבער זייער
געשמאקלאָזנ, פארגלײַכ, ווי „דער ליארעמ אינ די צעכנ, וואָס האָט זיכ ארײַנגעריסנ, ווי
א צעכראסטעטער גאסנ-יונג אפ א באלעבאטישער כאסענע" א. א. וו. א. וו. דאָסזעלבע קאָנ
דער אויטער אָפּטמאָל ניט אײַנהיטנ דעמ געפיל פונ מאָס באמ אָנווענדנ פארשיידענע הי-
פערבאָליזאציעס. אשטייגער: „האָט אונדזער בריגאדיר א וואָרט ווי א שטיינ ארײַנגע-
וואָרפנ, א שלײַדער געטאָנ דאָס וואָרט מיט אזא קראפט, אז די שויבנ פונ צעכ האָבנ
קלינגענ אָנגעהויבנ". (ז. 4); באמ ארבעטער-דערפינדער בערגער, וואָס דערציילט אפ א זי-
צונג וועגנ זײַנ דערפינדונג, האָט „דאָס הארצ אזוי געטיאָכקעט, ווי בא איינעמ, וואָס
ווארט אפ זײַנ אורטייל, בײַס די ריכטער זײַנענ זיכ מעיאשעוו (ז. 26); „דער קלאַנג וועגנ
דאָווידס דערפינדונג האָט זיכ, ווי א שטורעמ אינ די צעכנ ארײַנגעריסנ" א. א. וו. א. וו.
אונ אמענדע, אייניקע בײַשפּילנ וועגנ דעמ, וויאזוי דער אויטער טראָגט אריבער אומ-
קריטיש אייניקע פארטיקע „ליטעראַרישע" מוסטערנ, וואָס זײַנענ אבסאָליוט ניט כאראקטע-
ריסטיש פאר דער סוויווע, וועלכע ער מאָלט. צוליב וואָס אשטייגער איז נײַטיק דערדאָזיקער
„הייכער סטיל", ווענ מע דארפ איבערגעבנ די איבערלעבונגענ פונ אנ ארבעטער-דער-
פינדער: „...ספּייקעס, וואָס דרייט איר זיכ ארומ מיר, ווי ווערימ אפ א נעווײַלע? אוועקט
געגנוג! אינ מײַנ סיסטעמ האָב איכ פאר אײַכ קיינ ברעקל אָרט ניט געלאָזט"... אָט דידאָ-
זיקע ליבע צו „ליטעראַרישקײַט" האָט דעמ אויטער געבראכט צו אזא מאָדנער דערציילונג
ווי „פויקער". דידאָזיקע דערציילונג, וואָס איז עפּעס א מינ וואריאציע אפ דער טעמע
וועגנ שטומע נעשאָמעס, וואָס זאָגנ זיכ ארויס אינ שפּילנ, איז אפ אזויפיל סענטימענטאל
אונ פאלש, אז ס'איז באשטימט נײַטיק א וואָרעניש דעמ אויטער, ער זאָל אינ זײַנ ליטע-
ראַרישער פּראקטיק אויסמײַדנ אזעלכע „פיקאנטע" מאָטיוונ. מיר ריידנ שוינ ניט וועגנ
דעמ, אז די עצעמ טעמע איז בא אונדז שוינ הײַנט צומ טאָג שטארק ארכאיסטיש, נאָר
דאָ איז אינטערעסאנט צוקוקנ זיכ דורכ וועלכע קינסטלערישע מיטלענ דער אויטער רע-
אליזירט זי. וועגנ דעמ בלינדנ פויקער מייער, וואָס, „באדינט", די „אזיאטקער" ווייסט
דער אויטער צו דערציילנ, אז זײַנ שפּיל איז געווענ זיסער פונ אלערליי פידלענ, אז
מייערס פויק האָט אויסגעדריקט דעמ „שטומענ פּראָטעסט פונ די אזיאטקער"; זײַנ זונ
דאָסזעלבע פארמאָגט אינ זיכ אזא קראפט, אז זײַנ „שפּיל" (אפנ פויק!) באגײַסטערט אלע
אזיאטקער, רופט אינ „זייערע הערצער סינע צו די אונטערדריקער", צווינגט גאנצ „אזיאט-
קע" לאָזנ זיכ אינ א טענצל א. א. וו. א. וו.

מיר ציטירנ ניט גענויער צוליב עקאָנאָמיע אינ אָרט דידאָזיקע אויסטערלישע דערציי-
לונג, וועלכע באקרוינט לאָגיש א באשטימטע ליניע באמ אויטער — א ליניע פונ נאָכמאכנ
„ליטעראַרישע" מוסטערנ. ניט איבערקאָכנדיק קריטיש דעמ אָדער יענעמ ליטעראַרישנ
שטאָפּ, קענ מענ זיכ לײַכט אראָפּגליטשנ אפנ וועג פונ שטאמפּ אָדער גאָלע אויסטראכטע-
נישנ. אונ שאיעוויטש האָט גראָד צו דערציילנ אונדז וועגנ א סוויווע, וועלכע איז אימ
ג'וט באקאנט אונ וועגנ וועלכער ער האָט אונדז ניט שלעכט אונ עמעסדיק דערציילט א
זײַנע „פאבריק-מאָטיוונ".

ו. וויטקין

# „כואַן זשאָרקע רעדט“

(ה. בלאָשטיין, מ.פ.וו., 1932 י., פרײַז 2 ר. 30 ק.).

„כואַן זשאָרקע רעדט“ — דאָס זײַנען לידער פון א „רויטן דיכטער אין א שוואַרץ (קאַפּיטאַליסטיש) לאַנד“. זיי זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן אין סאָף פון דער „ציוויליזאַציע“ — דער „צײַטווײַליקער סטאַביליזאַציע“. דאָס זײַנען יאָרן פון האַרבער עקספּלואַטאַציע, וואַקסנדיקער כראָנישער אַרבעטלאָזיקײַט, צערויִנירונג פון שטאָטישן קלײנבירגערטום און פּויערטום, יאָרן פון הונגער און נויט.

די אומצופרידנקײַט מיט דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקײַט כאַפּט אַרום אַלץ ברייטערע און ברייטערע מאַסן. עס ווערט דערפאָלגרײַך פאַרשפּרייט דער קאָמוניסטישער געדאַנק וועגן דער סאָציאַלער רעוואָליוציע — דער איינציקער אויסוועג פון הונגער און נויט, דער בײַשפּיל פון די באָלשעוויקעס, דער אָקטיאַבער, פ.ס.ס.ר. — ווערט דער צענטער פון זייער אויפמערקזאַמקײַט.

מע דאַרף אָבער האָבן אינזינען, אַז די אומצופרידענע עלעמענטן שטעלן מיט זיך נים פאָר קיין איינהײַטלעכע מאַסע. אויסער דעם רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט זײַנען נאָך דאָרט פאַראַן קלײן־אייגנטימער, וואָס ווערן צערויִנירט דורכן קריזיס און וועלכע ווערן אַנטוישט אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקײַט און, נים האָבנדיק קיין פּערספּעקטיוו, פאַלן זיי אַרײַן אין ייִעש אָדער אין אַנאַרכיסטישע שטימונגען.

צי איז די אומצופרידנקײַט מיט דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקײַט, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר בלאָשטיינס לידער — די אומצופרידנקײַט פון קלײנבירגערטום און פּויערטום, וואָס ווערן צערויִנירט דורכן קריזיס?

ניין. דאָס איז אַן אַנדער אומצופרידנקײַט.

בלאָשטיין קריטיקירט די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, ער ווײַזט די מאַכנע, וואָס איז „מיד פון רו געצווונגענער“, די הונגעריקע און די פולע וויטרינעס מיט שפּײַז, די „מיידלעך“, די פּראָסטיטוציע, די בעטלערײַ און די אַרבעטלאָזע, וואָס פאַלן אין גאַס פון הונגער. דאָס זײַנען אָרגאַנישע טיילן פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, פונקט ווי עס איז פאַר איר אָרגאַניש דאָס, וואָס

„עס שטייען מעטאַלורגישע זאַוואָדן
מיט בערגלעך שניי אין קוימענדיקע מײַלער“.

און:

„אין די גענעצדיק־שווײַגעריקע האַפנס,
וועלדער, שיפן זשאַווערן פאַראַנקערס“.

בלאָשטיינ ווײַזט דעם הונגער, דעם דאַלעס ניט אינ דער סטאטיק, נאָר אינ דער דינאמיק. ער זעט זייער וווּקס אינדערטיפ אונ אינדערברייט. זיי (דער דאַלעס, דער הונגער...) זײַנענ „נאָכ ברייטער אינ פלייצע געוואָרנ...“ אונ יעטווידער טאָג „א נײַיִנקער טראָפנ פונ גאַל איז“, ווײַל דער קריזיס ווערט אַלצ טיפער אונ טיפער, דער ווינטער וועט פארבײַגיינ עס וועט קומענ דער פרילינג, אונ:

„אָנשטאָט שניי—אינ קוימענס וועלנ קראָענ,
מאכנ נעסטנ, האָחענ שווארצ אונ רוישיק“.

בלאָשטיינ באגרענעצט זיכ אָבער ניט מיט קריטיקירנ די קאפיטאַליסטישע סיסטעם, ער פאַלט דערפאר ניט ארײַנ אינ קיינ הומאניסטישנ סענטימענטאַלנ טאָנ. ניט מיט קיינ ראכמאָנעס־געפילנ זײַנענ זײַנע לידער אָנגעפילט, זיי רופנ ניט ארויס קיינ געפיל פונ ייִעש, פארלאָרנקייט, פעסימיזמ. זײַנ קריטיקירנ די קאפיטאַליסטישע סיסטעמ, זײַנ אומצופרידנקייט מיט איר פירט ניט צומ אָפגיינ פונ דעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ, ווײַל ער קריטיקירט דעמ קאפיטאַליזמ ניט פונ שטאנדפונקט פונ קליינבירגערטומ, וואָס לײַדט פונ קריזיס, נאָר פונ שטאנדפונקט פונ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט. ער איז ניט קיינ פאסיווער באאָבאכטער, וואָס קאָנסטאטירט אונ ווײַזט פאקטנ, נאָר ער רופט צומ אקטיוונ קאמפ קעגנ דער קאפיטאַליסטישער סיסטעמ, פאר דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט.

„מע טאָר ניט גייִנ אזוי אונ פאלנ אפנ שניי,
אונ בעטלענ טאָר מענ ניט, נאָר נעמענ דארפ מענ.
נעמענ!“

דאָס איז ניט קיינ אנארכיסטישער רופ צומ קאמפ, נאָר א קאמפ מיט א פערספעקטיוו, וואָס איז אויסגעפרוווט אונ בארעכטיקט געוואָרנ אינ די שלאכטנ פונעמ רוסלענדישנ פראָלעטאריאט פארנ אָקטיאבער. דאָס איז א קאמפ „קעגנ נויט, פאר ברויט, פאר ארבעט אונ סאָוועטנ“ פאר „הייסע רויטע פיאטילעטקעס“, פאר „רעווקאָמענ“, „רעווּשטאבנ“, „נארקאָמאטנ“ אונ „פראָפראטנ“ („כ׳האָב הײַנט געלאכט“, „ס׳איז ענג אינ קלוב“ א,א.וו.). די פערספעקטיוו—דאָס איז סאָוועטנפארבאנד. דערפאר איז די פרייד פונ סאָוועטנפארבאנד, פונ „זאטנ שניט אפ סאָוועטנ־פעלדער“, פונ א „נײַעמ טראקטער פאר א נײַעמ קאָלעקטיוו“ א.א.וו. אויכ זײַנ פרייד. ער ווייס:

„מע דארפ די פרייד פארדינענ
אונ ס׳איז פארדינענ גאָרניט לײַכט“.

אונ פארדינענ קענ מענ עס בלויז אזוי, ווי ס׳האָבנ עס פארדינט די באָלשעוויקעס.

„אונ וואָרפ אינ אָנגריפ זיכ —
קיינ אנדער אויסוועג איז ניטאָ“.

בלאָשטיינ קריטיקירט די קאפיטאַליסטישע סיסטעמ פונ שטאנדפונקט פונ אומפארמײַדלעכקייט פונ א סאָציאַלער רעוואָליוציע. דער רופ צו דער סאָציאַלער רעוואָליוציע—דאָס איז דער צעמענטירנדיקער שטאָפ פונ זײַנע לידער. רעוואָליוציאָנערער פאטאָס—דאָס איז דאָס כאראקטעריסטישע אינ בלאָשטיינס לידער.

בלאָשטיינ ווײַזט אויכ די סאָציאַלע קויכעס פונ דער סאָציאַלער רעוואָליוציע. דאָס זײַנען די, אונ נאָר די, וואָס גייען אונטער לענינס פאָנ.

„ווענ ס׳פינצטערט אינ מײַנ אויג אונ ס׳נעמט דער פוס זיכ וואקלענ,
דערזע איכ לענינס האנט אפ גרענעצ פונעם הײַנט
אונ פאָכט פאָרויס מיטנ פירנדיקנ פאקל.
אונ כ׳קוק זיכ אום אונ זע: פונ הינטנ אונ פאָרויס—אנ אופמארש
א מיליאָניקער אהינ, ווו ס׳ווײַזט דער פינגער...“.

אינ בלאָשטיינס לידער טרעט ארויס אזא בילד: פונ איינ זײַט—דער קאפיטאליסט, דער פאָליציאנט, דער עסדעק (סאָציאַל־פאשיסט) דער שטרײַקברעכער, די רעליגיע, די געלע אונ שווארצע פרעסע; פונ דער צווייטער זײַט—דער רעוואָליוציאָנערער פראָלעטאריאט, וואָס גייט אונטער לענינס פאָנ, וואָס קאָנצענטרירט ארום זיכ אלע רעוואָליוציאָנער־געשטימטע עלעמענטנ—אזא איז די פארהעלטעניש פונ די קלאסנ־קויכעס אינ די קאפיטאליסטישע לענדער.

איז בלאָשטיינ בעפיירעש א „רויטער דיכטער“ (ווי ער דריקט זיכ אויס).

דאָס הייסט אָבער ניט, אז ער איז פרײַ פונ פעלערנ... זיי זײַנענ פאראנ אונ גאנצ באדײַטנדיקע. די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אינ די קאפיטאליסטישע לענדער איז אָנ קיינ שום סאָפעק באדײַטנדיק רײַכער, פארשיידנארטיקער, ברייטער אונ טיפער, ווי עס ווײַזט אונדז בלאָשטיינ אינ זײַנע לידער. בלאָשטיינ באווײַזט זייער ווייניק די אָנפירער, די אָרגאניזאטערנ־רעוואָליוציאָנערנ, די באָלשעוויקעס, אונ דערפאר פעלט שוינ בעמיילע די קאָנקרעטע פארבינדונג פונ די באָלשעוויקעס מיט די מאסנ, וואָס זײַנענ גרייט צום קאמפ אונדז קאָנ, פארשטייט זיכ, ניט באפרידיקנ דאָס, וואָס עמיצער א יאט (א באָלשעוויק) האָט מישקענ (אנ ארבעטלאָזנ, וואָס רעוואָליוציאָניזירט זיכ) ארײַנגערוקט אינ האנט אנ אופרופ וואָס רופט צום קאמפ. קיינ שטעכ־ווערטלעכ אפנ אדרעס פונ די סאָציאַל־פאשיסטנ („הינטישער עסדעק“) קענענ, פארשטייט זיכ, ניט פארבײַטנ דעם אקשאָנעסדיקנ קאמפ, וואָס ווערט בעפירט מיצאד דער קאָמוניסטישער פארטיי קעגנ דעם פאשיזם. אינ דער ליד „שטירקע“ איז ניט פארורטיילט געוואָרנ דער טעראָר. כאָטש אינ די לידער פילט זיכ אנ ענגע פארבינדונג פונ דעם רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט פונ די קאפיטאליסטישע לענדער מיטנ סאָוועטנפארבאנד („מיר שטיקלעכ סאָוועטנפארבאנד“ א.א.וו.), דאָכ איז א פעלער דאָס, וואָס בלאָשטיינ נוצט קימאט ניט אויס די גרויסע זיגנ פונעם סאָוועטנ־פארבאנד אינ קאמפ פאר דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט צוליב באקאָנענ די ברייטע ארבעטער־מאסנ פונ אויסלאנד מיט אונדזערע זיגנ.

אויכ ניט גענוג איז אופגעדעקט געוואָרנ דער קלאסנ־טאָכ פונ דער רעליגיע, די דעגראדאציע פונ דער בורזשואזער ליטעראטור אונ קונסט („אפנ פארנאס“), איבערהויפט די ראָלע פונ דער פאָליציי, פונ דער געלער אונ שווארצער פרעסע („מישקע“).

דאָס שטאמט פונ ניט ערנסטנ צוגאנג צו די פראגעס פונ דערווירקלעכקײַט. בלאָשטיינס לידער זײַנענ ווייניק קאָנקרעט, זײַנענ מערסטנטייל אבסטראקטע. אינ די לידער איז ווייניק די קאָנקרעטע קאפיטאליסטישע ווירקלעכקײַט פונ דעם אָדער יענעם לאנד. דער אָביעקט פונ זײַנ דיכטונג איז די גאנצע קאפיטאליסטישע וועלט. דערפאר וואָרפט ער זיכ אזוי לײַכט איבער פונ ארגענטינע אינ לאָנדאָנ, פונ לאָנדאָנ אינ כינע א.א.וו. דאָס וואָלט ניט געווענ

קיינ כעסאָרנ, ווענ דער „ברייטער פארנעמ" זאָל זײַנ קאָנקרעט, פארטיפט אונ אויסדריקלעכ, ווענ דאָס זאָל ניט גיינ אפנ כעזשבנ פונ קאָנקרעטקײַט, ווענ עס זאָל דערבײַ באַוויזנ ווערנ די ספעציפישקײַט פונ דער קאפיטאליסטישער ווירקלעכקײַט אינ די פארשיידענע לענדער. דאָס ווערט אָבער ניט געטאָנ. די לידער, וואָס זײַנענ געשריבנ געוואָרנ וועגנ ארגענטינע, לײַדנ אָבער ווייניקער פונ אבסטראקטקײַט אונ סכעמאטישקײַט („כואנ זשאָרקע רעדס", „בא א פארשפרײַקטנ טאזשער"). דאָ אָפערירט ער ניט מיט אבסטראקטע אידייענ, נאָר מיט קאָנקרעטע מענטשנ, וואָס זײַנענ טעטיק אונ דריקנ אויס באשטימטע קלאסנ־אינטערעסנ. דאָ פילנ מיר אויכ אייניקע ספעציפישע מאָמענטנ פונ דער ארגענטינער קאפי־טאליסטישער ווירקלעכקײַט.

עס האָבנ זיכ אימ אויכ אײַנגעגעבנ די לידער וועגנ זײַנ ליטווישער היימ („מוישע־וואָלפ דער בונטאר", „מײַנ טאטנס הויז", „שטירקע"). דאָ טרעטנ ארויס קאָנקרעטע מענטשנ אינ א באשטימטער ארומרינגלונג.

דאָ דארפ אָבער אָפגעמערקט ווערנ, אז אינ די לידער האָט זיכ בלאָשטיינ ניט געקענט אינגאנצנ באפרײַענ פונ ראָזנפעלדישנ צוגאנג צו דער שטעטלדיקער ווירקלעכקײַט. אינ זײַנ שילדערנ די ליטווישע היימ, דאָס ליטווישע שטעטל, פילט זיכ א סענטימענטאלער אונ אידעאליזירנדיקער טאָנ. אינ זײַנ בילדער־באגאַזש, אינ זײַנ סטיליסטיק פילט זיכ באדײַטנ־דיק ראָזנפעלד, דער אמאָליקער רייזינ א.א.וו. עס איז קלאָר, אז בלאָשטיינ האָט געקענט (אונ געדארפט) האָבנ אנדערע מוסטערנ—די פראָלעטארישע אונ סאָוועטישע ליטעראטור פונ סאָוועטנפארבאנד אונ פונ דעמ וואָלטנ זײַנע לידער אסאכ געווּנענ.

ביכלאל דארפ מענ זאָגנ, אז די לידער, ווו ער איז קאָנקרעט, האָבנ זיכ אימ באדײַטנ־דיק בעסער אײַנגעגעבנ, איידער די אבסטראקטע לידער זײַנע.

„כואנ זשאָרקע רעדס", „בא א פארשפרײַקטנ טאזשער" אונ אנדערע לידער זאָגנ אונדז מער וועגנ דעמ ערעוו פונ דער סאָציאַלער רעוואָליוציע, איידער די אבסטראקטע לידער „פינפ מינוט פאר צוועלפ" אונ „ערעוו".

צי פילט זיכ ניט דער וווּקס פונ רעוואָליוציאָנערנ אויפבריוז אינ די לירישע „דרײַ בריוו־מער" איידער אפילע אינ זײַנע סאמע בעסטע אבסטראקטע לידער, געבויט אפ דער טעמע („ס'איז ענג אינ קלוב"...)?

די אבסטראקטקײַט האָט בלאָשטיינענ געבראכט צו איבערכאזערונגענ אונ סכעמאטיש־קײַט. ער פילט אליינ די געפאר פונ איבערכאזערנ זיכ אונ ער פרווּוט עס לייזנ דורכדעמ, וואָס איינע אונ דיזעלבע טעמעס אונ געדאנקענ טוט ער אָנ אינ פארשיידענע בילדער. דאָס קאָנ, פארשטייט זיכ, ניט לייזנ די פראגע, איבערהויפט דעמלט, ווענ זײַנ בילדער־באגאזש איז ווייניק אָריגינעל. עס קאָנ דאָ, פארשטייט זיכ, ניט העלפנ די יאָגעניש נאָכ אלעגאָריעס, וואָס זײַנענ אָבער שוואכ.

מע דארפ אויכ זאָגנ, אז דער רעוואָליוציאָנערער פאטאָס, וועלכער איז פאראנ אינ זײַנע לידער, ווערט מערסטנטייל געשעפט ניט פונ די טיפע רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ, נאָר פונ אויבערפלאכ פונ רעוואָליוציאָנערנ אויפבריוז. דאָכ איז אינ די לידער פאראנ אופרײַס־שטאָפ, סינע צו די „זאטע באלעבאטימ" אונ סימפאטיע (אקטיווע, וואָס רופט צומ קאמפ), צו די רעוואָליוציאָנערע מאסנ, אונ האָבנ באשטימט א רעוואָליוציאָניזירנדיקע באדײַטונג.

עס איז קלאָר, אז די רעוואָליוציאָניזירנדיקע ווירקונג פון די לידער וואָלט געווען אסאך שטארקער און אינטענסיווער, ווען די לידער וואָלטן זײַן מער קוואַליפיצירט.

עס זײַנען פאראן בא בלאָשטיינען געלונגענע קינסטלערישע דעטאלן. אזוי צ. ב. „דער ברויט־מעסער איז געלעגן פארזשאווערט", אָדער „עס שטייען מעטאלורגישע זאוואָדן מיט בערגלעך שניי אין קוימענדיקע מײַלער".

בלאָשטיין, וועלכער געפינט זיך און ארבעט אקטיוו איצט בא אונדז, האָט אלע מעגלעכקײַטן אפ ווײַטערדיקן אידייִש־קינסטלערישן וווּקס, אפ אויסלעבן די אבסטראַקטקײַט, סכעמאטישקײַט, אפ טיפער צוגיין צו דערווירקלעכקײַט און דערפאָלגרײַך אויסנוצן די דערגרייכונגען, וואָס די פראָלעטארישע און סאָוועטישע ליטעראטור האָט זיך דערשלאָגן פאר די 15 יאָר אָקטיאבער.

---

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק

רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, ז. אקסעלראָד, י. בראָנשטיין, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, א. כאריק, ל. קאצאָוויטש, ר. ראיִק, ל. ראָזינהויז, ס. שווידעל

דרוקערײַ א. נ. סטאלין. באשטעלונג 1092. גלאווליטבעל 999

# צו די וואלנ פונ אקאדעמיקער אינ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט - אקאדעמיע

דער פרעזידיום פונ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט - אקאדעמיע טיילט מיט, אז דעמ 22-טנ מײַ 1933 י. וועט פאָרקומענ

## א סעסיע פונ דער אקאדעמיע,

### ווו ס'וועלנ דורכגעפירט ווערנ וואלנ פונ נײַע אקאדעמיקער

1. עס ווערנ דערקלערט וואלנ פונ 7 אקאדעמיקער אינ געביט פונ געזעל־שאפטלעכע, נאטורוויסנשאפטלעכע אונ טעכנישע וויסנשאפטנ.

2. אלס אקאדעמיקער פונ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע ווערנ אַויסגעטיילט פאָרשטייער פונ דער וויסנשאפט, טעכניק אָדער קונסט, וועלכע האָבנ בארײַכערט די טעכניק אָדער די קונסט מיט ארבעטנ, וואָס האָבנ אנ אָנגעוויזענע באדײַטונג אונ וועלכע ארבעטנ צו גונסטנ דער סאָציאַליסטישער בויונג.

3. קאנדידאטנ אינ אקאדעמיקער פונ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע ווערנ אויסגעטיילט דורכ וויסנשאפטלעכע אנשטאלטנ, הויכשולנ, געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס, דורכ באזונדערע געלערנטע אונ גרופעס געלערנטע.

4. די אנשטאלטנ, אָרגאניזאציעס אונ פערזאָנענ, וועלכע טיילנ אויס קאנדידאטנ אינ אקאדעמיקער, שטעלנ צו אינ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע פאָלגנדיקעס:

א) די ביאָגראפיע פונ דעמ אויסגעטיילטנ קאנדידאט. ב) זײַנ כאראק־טעריסטיק, ג) זײַנע וויסנשאפטלעכע ארבעטנ.

5, דער לעצטער טערמינ פונ אויסטיילנ קאנדידאטנ—5־טע מײַ 1933 י.

6. דער צעטל פונ די ארויסגערוקטע קאנדידאטנ ווערט פארעפנטלעכט אינ דער פרעסע פאר א ברייטער געזעלשאפטלעכער באהאנדלונג.

פרעזידענט פונ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע

**פ. גאָרינ**

באשטענדיקער סעקרעטאר—פאנקעוויטש

די 5־טע געזערד־לאָטעריי העלפט מיט
פארווירקלעכנ די היסטאָרישע באשטימונג
פונ צ.א.ק. פ.ס.ס.ר. ווענג שאפנ א יידישנ
נאציאָנאלנ אווטאָנאָמענ אייגס אינ סאָציא־
ליסטישנ בירעבידזשאנ.

# קויפט אונ פארשפרייט
# די בילעטנ פונ דער
# 5־טער אלפארבאנדישער געזערד־לאָטעריי

(פרייז פונ א ביל עט 1 רובל)

**הויפט־געווינסנ:** א רייזע ארומ דער וועלט, אויסשטאטונג פונ א ווױנונג פונ 3 צימערנ, א פיאנע, א רייזע אינ בירעבידזשאנ אפ 2 כאדאָשימ, א יאמ־רייזע אינ מײַרעוו־אײראָפּע, א ניי־מאשינ א. א. וו.

לויט 3־טנ ראזריאד, וואָס איז ארויסגעלאָזנ געוואָרנ ספעציעל פאר ווײַסרוסלאנד זײַנענ דאָ

**1794** געווינסנ אפ א סומע פונ **75000** רובל

געדענק! עס איז נאָכ דאָ אסאכ ניט ארויסגעפאָדערטע געווינסנ
פונ דער 4־טער געזערד־לאָטעריי! קאָנטראָליר דײַנע בילעטנ! פאָדער
טיראזש־אָבליגאציעס אינ אלע געזערד־אָרגאניזאציעס!

מיט אלע אָנפראגעס זיכ ווענדנ אינ ווײַסגעזערד

(מינסק, סאָוועטסקאיא. 70)

לאָטקאָמיטעט פונ ווײַסרוסלאנד.

# די ווײַסרוסישע קאָנטאָר פון

# „טאָרגסין"

טײלט מיט די קליִענטן, אז עס זײַנען אָנגע־קומען אין פארקויפ נײַע פארטיעס סכוירעס. די פרײַזן זײַנען פארקלענערט אין פארגלײַכ מיט די עקזיסטירנדיקע—אפ 50—60 פראָצ.

## עס איז פאראן א קאָלאָסאלער אויסוואל פון פארשיידענע עקספאָרט און אימפאָרט-סכוירעס פון די בעסטע סאָרטן און קוואליטעט.

סכוירעס ווערן פארקויפט סײַ פאר מעזומענע אויסלענדישע וואליוטע, גאָלד פון אלטן גוס, סײַ לויט אָנווײַזונגען פון אויס־לאנד, פאר ברוכ-גאָלד, ברוכ-זילבער און מאטבייעס.

וועגן דער אָרדענונג פון באקומען אָנווײַזונגען און דורכ וועלכע בענק־קענט איר זיכ דערוויסן אין יעדער אָפטײלונג פון מעלוכע־באנק און אין די מאגאזינען פון „טאָרגסין".

לויט דער פאָדערונג פון דער קליִענטור ווערן די סכוירעס אריבערגעפירט דורכ פאָטשט צו 10 און 20 קילאָגראמ פון דער פעקלעכ־באזע אין מינסק, אוריצקי, 2. פארן אריבערשיקן ווערט אראָפּגערעכנט פון דער סומע פון דער אָנווײַזונג: פאר נעטאָ—8,5 קגר—1 ר., פאר נעטאָ—17 קגר—1 ר. 50 ק.

אײַנקויפ־פונקטן אפ צונעמען גאָלד און זילבער־ברוכ זײַנען פאראן אין אלע פונקטן פון וו.ס.ס.ר., ווו עס געפינען זיכ די אוניווערמאגן פון „טאָרגסין".

### אוניווערמאגן און אײַנקויפ־פונקטן זײַנען פאראן אין פאָלגנדיקע שטעט:

| | | |
|---|---|---|
| 1) מינסק —6 מאגאזינען: | 11) קלימאָוויטש —1 מאגאזינ | 21) כוינִיק —1 מאגאזינ |
| 2) האָמעל —2 „ | 12) טשערווען —1 „ | 22) בעהאָמעל —1 „ |
| 3) וויטעבסק—3 „ | 13) נענאָרעליע —1 „ | 23) לעפעל —1 „ |
| 4) באָברויסק—1 „ | 14) רעטשיצע —1 „ | 24) ביגאָסאָווע—4 „ |
| 5) מאָלעוו —2 „ | 15) בעשענקאָוויטש 1 „ | 25) שקלאָוו —1 „ |
| 6) סלוצק —1 „ | 16) האָראָק —1 „ | 26) הלוסק —1 „ |
| 7) באָריסאָוו —1 „ | 17) ראָהאטשאָוו —1 „ | 27) זשלאָבינ —1 „ |
| 8) אָרשע —2 „ | 18) טשאוס —1 „ | 28) לאָהויסק —1 „ |
| 9) פאָלאָצק —1 „ | 19) קאלינקאָוויטש 1 „ | |
| 10) מאָזיר —1 „ | 20) פעטריקאָוו —1 „ | |

### עס איז אָנגעמערקט געוואָרן צו עפענען:

| | | |
|---|---|---|
| 1) מינסק —1 אוניווערמאג | 5) אָסיפּאָוויטש—1 אוניווערמאג | 9) פראָפּויסק—1 אוניווערמאג |
| 2) האָמעל —1 „ | 6) יעלסק —1 „ | 10) בורעקאָשעלעוו—1 „ |
| 3) באָברויסק 1 „ | 7) בעליניטש —1 „ | 11) האָרקי— —1 „ |
| 4) וועטקע —1 „ | 8) אורעטשע —1 „ | 12) אורורע —1 „ |

